# א בוך

פון

משה נאדיר

נח שטיינבערג






ז. מאוד

איך דערמאָן צום גוטן
דעם ליבהאָבער
פון אונזער מאַמע־שפּראַך
ליאָוו שטיין

# אינהאַלט



נאַדיר — פּאָרטרעט א. מאַניעוויטש

# איידער איך הויב אָן

עס וועט ניט העלפן. מעגט איר זאָגן: ער איז אַ ווערטער זשאָנגלער, אַ הפקר גייסט, אַ ליטעראַטור ציניקער, אַ פאַרלעצער פון הייליקייטן, אַן אָפּשפּעטער פון אָנערקענטע שיינקייטן, אַן אויפדעקער פון באַהאַלטענע מיאוס׳קייטן... ער וועט בלייבן דער זיידענער פאָדעם אַריינגעוועבט אין דעם דיוואַן פון דער אידישער ליטעראַטור, קיינער וועט אים ניט קענען אַרויסדריוולען. נאַדיר איז מיט דער אידישער ליטעראַטור אָרגאַניש צענויפגעוועבט איצט און פאַר אַלע צייטן.

נאַדיר איז דער באַשעפער פון אַ נייעם סטיל אין אידיש. ער איז אונזער ווערטער פּסיכאָלאָג. דער שפּראַך אַנאַליטיקער. דער באַפרייער פון אונזער וואָרט קנעכטשאַפט. ער איז אונזער הפקר שפּיגל וואָס רעפלעקטירט אַמבעסטן אונזער צייט און אונזער געמיט. ער איז דער ווירטואָז פון אַ פאַרפיינערטן הומאָר. ביי אים בליצט מיט נייע ווערטער און געדאַנקען שפּיל. ער גיט אונז דעם הומאָר פון געפיל ניואַנסן און טרוימשאַטנס... דעם הומאָר פון באַפרייטן קאַפּריז...

נאַדיר איז דער פּרייסטער איכיסט, און דער אינטימסטער מענטשן ברודער. ער האָט אומענדלאַך ליב זיך... ער האָט אָבער ליב, אַז זיין איך־ליבע זאָל דורכשטראָמען דורך אַנדערע... ער האָט אַן אייביקן מיטלייד מיט זיך און מיט אַלע מיטלעבנדיקע שטערבלאַכע. ער מאַכט אָבער דערפון ניט קיין ליטעראַריש־סענטימענטאַלן ניאַגאַראַ־פאַל, נאָר ער שפּילט זיך מיט זיין און אונזער טרויער ווי ער וואָלט דאָס בלוט פון זיינע און אַלעמענס וואונדן געוואָלט אין רובינען פאַרוואַנדלען און מיט זיי באַצירן די פינגער פון אַן אומבאַקאַנטן גאָט. און איבער

אַלץ איז דער פלאַטערדיקער פלירטירנדיקער לירעקער, וואָס טאַנצט מיט אַ דערנער קרוין אויפ׳ן קאָפּ...

דערפאַר איז מיר אינטערעסאַנט אַלץ וואָס נאַדיר שאַפט מיט דער פעדער און מיט זיין אָטעם. און וואָס מיך אינטערעסירט א י צ ט, וועט אַנדערע אינטערעסירן מיט יאָרן שפּעטער...

ו ו אָ ס ו ו י ל א י ך מ י ט מ י י ן ש ר י י ב ן ו ו ע ג ן נ אַ ד י ר ׳ ן?

איך וויל אייך געבן אַ לעבעדיקן מענטשן אין אַ בוך. ניט בלויז ביאָגראַפישע פאַקטן, נאָר האַרץ קאַפּריזן... ניט בלויז מיינונגען וועגן ליטעראַטור און לעבעדיקע מענטשן, נאָר קאָנפעסיעס פון אינטימן לעבן מיט חברים און פרויען.. ניט בלויז קריטישע אַנאַליזן פון זיינע שרייבונגען, נאָר גייסט באַהעפטונגען צווישן מיר און אים. איך וויל אייך געבן צו פאַרזוכן דעם לעבעדיקן משה נאַדיר.

איך וויל אייך באַפרייען די אידישע קריטיק פון איר שווער האַנטיקן סטיל. פון איר אומהאַרצלאַכער גע־דאַנקלאַכער לאַנגווייליקייט און ביבליאָטישער טרוקנקייט. אַראָפּבלאָזן פון איר דעם הונדערטיאָריקן בוך שטויב, זי אַרויסנאַרן פון דעם פאַרשטיקטן קאַבינעט און זי לאָזן אָטעמען אין דער פרייער לופט צווישן לעבעדיקע מענטשן, וואו זי קען זיך צוהערן צו ליבעס שפּילערייען, בלוט קאַפּריזן, הומאָריסטישע זשעסטן, און נאָך אַלערלייאיקע מענטשלאַכקייטן...

מיט עטלאַכע ווערטער: איך וויל אַריינברענגען אַ לעבעדיקן שריפטשטעלער אין דער אידישער ליטעראַטור, — וואָס זאָרגט וועגן זיין ווייב און קינד, זוכט צו מאַכן אַ לעבן, שפּילט אַלערליי ליבעס מיט קונסט און פרויען. רעגט זיך אויף, פאַרקילט זיך, און האָט געוואַלדיק מורא פאַר׳ן טויט...

פאר וואס דוקא וועגן נאַ-דיר'ן.

ווייל דורך נאַדיר'ן זוך איך זיך און געפין זיך... אויפ'ן בעסטן אופן. נאַדיר איז מיין אויסרייד און מיין מעדיום. דורך אים זוך איך צו אַנטפּלעקן וואָס אין מיר איז רייף געוואָרן. מיר דאַכט אַז דורך קיין אַנדערן שריפטשטעלער קען איך ניט אַזוי דורכשפּיגלען מיינע גע-דאַנקען, פאַרלאַנגען און אַנטוישונגען ווי דורך אים, ווייל מיר שיינט, אַז נאַדיר איז דער לעבעדיקסטער און פּערזענ-לאַכסטער (שריפטשטעלער), (שריפטפאַראייביקער) שריפט-באַלעבער אין אונזער ליטעראַטור...

אָבער צו שרייבן געלונגען וועגן נאַדיר'ן וואָלט נאָר געקענט אַ טאַלאַנט ווי נאַדיר אַליין. מיר דאַכט, אַז איך בין צו שווער פאַרצווייפלט אַקעגן נאַדיר'ס פליגלדיקע פאַרצווייפלונג. צופיל אַרומגעגאַרטלט מיט פאָרמאַלער לאָ-גיק אַקעגן נאַדיר'ס פאַנטאַסטישקייט... מיך ציט צופיל צו געוויכטיקע אמת'ן, אַקעגן נאַדיר'ס שפּיל מיט גרינג טאַנצנדיקע פּאַראַדאָקסן... אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, האָב איך מיט אים פיל געמיינשאַפטלאַכעס: דאָס אויפ-געבונדענע, דאָס אומבאַשטימטע, דאָס ליריש וויגנדיקע, דאָס יעזוס אידישע, איז מיר פּונקט אַזוי אייגן ווי אים.

געוויינטלאַך ערלויבן זיך פאַרזיכטיק באַלעבאַטישע שרייבער צו שרייבן מיט באַגייסטערונג וועגן אַ קינסטלער, ווען ער איז שוין טויט — אַ טויטן פאַרגינט מען זיך צו לויבן. וואָס פאַר אַ נאַרישער עגאָאיזם! צו לויבן זיך דורך דעם מעדיום פון אַ באַרימטן מת... שפּילן טעאַטער איבער אַ טויטן...

פיינע באַציאונג, כבוד, באַגייסטערונג, דאַרף מען ניט געבן צו די טויטע, אַלץ וואָס מעגלאַך דאַרף געגעבן ווערן צו דעם לעבעדיקן קינסטלער. דאָס בעסטע וואָס איך האָב צו זאָגן וועגן נאַדירן וויל איך זאָגן ווען ער איז לעבעדיק, יונג און קען מיר דריקן די האַנט...

## אײדער ער איז געבאָרן געוואָרן

ווען משה נאַדיר איז נאָך געווען אין הימל האָט גאָט געגעבן אַ טראַכט: מען דאַרף באַשאַפן אַזאַ ווען וואָס זאָל זיין לויטער ווידערשפּרוכן. איך וועל אים געבן פאַר־שטאַנד פון אַ פילאָזאָף, און די קאָקעטישע קליינלאַכקייט פון אַ פרוי. איך וועל אים שיינקען ניואַנסן פון היינע׳ס וויץ און סאַטירע און אַ וואַלד מיט אויסגעטראַכטע ווער־טער פליטערלאַך. וועל אים געבן אַ שטראַל פון באָד־לער׳ס טיפן ליריזם און די אויבנאויפיקע פּאָעטישע שיינ־קייט פון עמי לאָעל. ער וועט ביי מיר האָבן אַ שאָטן פון גאָיאַ׳ס פאַנטאַזיע און די וואָכעדיקע ניבטערקייט פון אידישע שוישפּילער. ער וועט וויסן די פּוסטקייט פון לויב און רום, און ער וועט גאָרן נאָך לויבערייען און רומע־רייען, ווי אַן אָפּגענאַרטע פרוי, נאָך קאָמפּלימענטן. ער וועט פיינט האָבן די אָפּיציעלע ליטעראַטור און טויזנט מאָל נאָך מער די פּאַרגאַסיקטע פּרעסע, און וועט זיין אַ מיטשרייבער אין אַ אידישע צייטונג. ער וועט ליב האָבן זיך צו שפּילן מיט וויצן און קאַפּריזן. און וועט דאַרפן שרייבן פאַרשאָלטענע ערנסטקייטן אין אַ וויץ בלאַט. ער וועט ליב האָבן מענטשן, און פילן, אַז זיי באַליידיקן אים מיט זייערע נאַרישקייטן, מיט זייער קעגנוואָרט.

ער וועט וויסן, אַז פרויען זיינען ווי אַן אויסגעטראַכ־טער חלום פון גאָרנישט, און וועט האַלטן אין איין גאָרן נאָך דעם פילפּאַרביקן גאָרנישט, ווי אַ היסטערישער שיכור, ווען ער פילט שוין ניט וואָס ער טרינקט. ער וועט וויסן, אַז דעם מענטשנ׳ס לעבן איז אַ האַלב לאַנגווייליקע, האַלב פיינלאַכע פאַרטזעצונג פון צוגעטראַכטע אילוזיעס, און וועט פיינט האָבן דעם טויט, פּונקט ווי די פרוי האָט פיינט די געליבטע פון איר מאַן... ער וועט וויסן, אַז אויף דער וועלט זיינען דאָ הייליקייטן — דאָך וועט ער פילן ווי זיך אַרויפצושטעלן אויף דעם העכסטן באַרג און אַרונטער —

אויף זיי... ער וועט זיין אין האַרצן אַ גוטער, און אים וועט שטענדיק פּאַרדריסן אויף זיין גוטסקייט און זיך אָנ־שטרענגען צו זיין שלעכט קעגן זיי ווילן, ער וועט ביי מיר שרייבן געניאַלע זאַכן און אויך הוילע בלענדערייען, און אַליין ניט וויסן וועלכע זיינען וועלכע — זיין שטראָף וועט זיין: זיינע לעזער וועלן דאָס אויך ניט וויסן... ער וועט האָבן אַ סענטימענטאַלע באַציאונג צו אידישקייט, און וועט שטענדיק זוכן נאָכצוזשעסטיקולירן די גוים. ער וועט האָבן אַ וואונדערלאַך אויער פאַר דער מוזיק פון שפּראַך, און ניט האָבן קיין געהער פאַר די פיינסטע מו־זיק. ער וועט האָבן אַ טיפע ליבע צו שיין קלינגענדיקע ווערטער. און אַ בלינדע תאוה צו גראָבע רייד.

ער וועט מיינען, אַז ער איז אויפריכטיק מיט זיך און מיט אַנדערע, אין דער אמת׳ן וועט ער שפּילן טעאַטער מיט אַלע מענטשן... אויסערלאַך וועט ער זיך שפּילן מיט אַלץ ווי אַ קינד מיט שפּילצייג און אינערלאַך וועט ער זיין ערנסט ווי אַ רעדאַקטאָר, ווען ער רעדט צו זיינע פעדער שקלאַפן... מיט עטלאַכע ווערטער: ער וועט האָבן די אייגנשאַפטן פון אַ זשעניע, דאָך וועט מען זיך אין דער ליטעראַטור צו אים באַציען ווי צו אַ צעלאָזן אינגל...




נאַדיר — האָלצשניט, ז. מאוד

# נאַדיר און די וועלט ליידיקייט

> „ס'איז מיר אומעטיג, ליבער גאָט.
> דיין וועלט איז שוין אַזוי אַלט. די זון גייט אויף און גייט אונטער מיט אַ באַנאַלע רעגלמעסיקייט. פרילינג, זומער, הערבסט און ווינטער זיינען פיר שוועסטער פון איין גלייכגילטיגער, סימפּאַטישער מאַמען. דיין לבנה, ליבער גאָט, דערמאַנט אָן דעם זילבער פון אָפּגעריבענע מטבעות. דיינע שטערן פינטלען אַזוי אומפאַרשטענדלאַך.
> און מיר אַלע טראָגן דעם טויט אין אונזערע הערצער ווי אַ ממזר.
> אַ פ ר ע מ ד ן טויט, באַשאַפן פון אַ פרעמדן גאָט, וועלכער אַמוזירט אונז ניט.
> ס'איז אומעטיק ליבער גאָט, דאַריבער בין איך אַזוי קלוג און פול מיט וועלט שמערץ, — אַ זאַך וואָס געפעלט זייער די דאַמען.“

עס ציען זיך טעג: דינע דרימען פון דעם אייביקייטס געוועב. אַ מענטש, — אַ שוועבנדיקער פונקט צווישן זיי. עס דריוולען זיך אוים דיינע לעבנס דרימען צו דו ווילסט צי ניט... שוין געטרוימט פון רעוואָלוציעס, שוין געפּיבערט פאַר און מיט געליבטע... שוין אויסגעטרונקען די אַלע קלוגע געדאַנקען וואָס דערקלערן אַזוי ווייניק וועגן די סודות פון דעם פיל־רעקלאַמירטן קאָסמאָס... שוין זיך אָנגענאַשט מיט די אַלערלייאיקע זשעסטן פון די פאַרשידענע קונסטן.

אַ נייע דראַמע — די זעלבע ווערטער אַביסל וואַריאירט.

אַ נייע ליבע — די זעלבע ליבעס געבעטן, ווייניק וואַריאירט...

און די וועלט איז ווידער ליידיק. און גרוים. אַלע אילוזיעס האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין דעלוזיעס... כבוד, רייכטום, פ ר ו י ע נ ט ו ם ? — צו וואָס פירט דאָס אַלץ? מיליאָנען מייל ליידיקייטן ציען זיך פון אַלע זייטן... לאַנגע, אויסגעצויגענע טעג שלעפּן זיך פון דער פאַרגאַנגענער אומענדלאַכקייט צו דער צוקינפטיקער אומענדלאַכקייט.

דער מענטש איז ווי א לעכל פון א נאדל דורך וועלכן מען שלעפּט דורך די אַלע ליידיקייטן. און דיין פאַרבענקט האַרץ אַ קאַפּריז צווישן זיי אין דער מיט... דיין גאַנצער איך איז איין גרויסער ווילן צו עפּעס — וואָס דיר איז אומבאַקאַנט... און די פאַרקילטע ליידיקייט קלעמט דיך, דריקט דיין געמיט, און דערשטיקט אין דיר דעם ווילן אפילו צו דאָס מעגלאַכע...

דו ווייסט, אַז דער טויט שטייט איבער דיר און ציילט דיינע באַגרעניצטע רגע'ס. אַט ביסטו, און ווערסט באַלד נ י ש ט . . . נאָך אַביסעלע מאַטעמאַטישע געדולד פון טויט, און דו וועסט זיין אַ ג אַ ר נ י ש ט אין דעם ג ר ו י ס ן ג אַ ר נ י ש ט . . . און דערווייל ביזטו עפּעס... און ליידסט פון דעם וויסן, אַז צוזאַמען מיט דעם וויסן וואַקסטו אַריין אין דעם גאַרנישט... און דיר ווערט נאָך ליידיקער און ענגער פון דעם וויסן, אַז דו ווייסט דאָס אַלץ... ביסט ווי אַ ליידיקער לאָגל אויף דעם זאַמד פון אַן אויסגעטריקנטן טייך. דיינע ליפּן זיינען דורשטיק נאָך עפּעס און דו טרינקסט ליידיקייט...

אין דער היים האָסטו אַ ווייב, וואָס וואַרט אויף דיר יעדע נאַכט — און ווערט אַלט וואַרטנדיק... און אין איר לאַנגווייליקן פיבער, טראַכט זי אויס פייערן וואָס ברענען אין די ליידיקייטן... און דיין ווילן וויל זיך וואָס מער דערווייטערן פון דיין היים... און עמיץ אין דיר זוכט... פון דיין זוכן ווערן ווערטער. פון דיר אַליין אויסגעהוילטע ווערטער, וועלכע רייצן מער ניט דיין געהער... וואַרפסטו זיי צו צו די פאַרבייגייער. ווי אַ בוים אין הערבסט וואַרפט פון זיך די טויטע בלעטער. און פ אַ ר ז י ך אַ ל י י ן ה אָ ס ט ו ק י י ן װ אָ ר ט נ י ט . . . קלינגט אויס דיין צונג אַ ליידיקן קלאַנג; וואָס מיינט אַלץ און גאַרנישט:

פלאַ—פלאַ—פלאַ...

## ווען נאַדיר איז אַליין

ווי אַזוי זעט אוים נאַדיר, ווען ער איז מיט זיך אַליין? שווער צו וויסן ווי אַ מענטש זעט אוים, ווען ער איז אַליין, ווייל דאַן זעט דאָך אים קיינער ניט... נאָר פון זיך אַליין קען מען אַביסל וויסן וועגן אַנדערע. און נאַדיר, וואָס איז ווי אַ שנעל פליסנדיקער טייך, מיט זיין פלינק טראַכטן און גיך ריידן, דענקט און פילט פיל מאָל אין דער הויך. און ער זאָגט אַמאָל אַרוים ווערטער וואָס זיינען אַזוי אינטים, ווי ער וואָלט זיי געזאָגט בלויז צו זיך אַליין... ער ווערט דעמאָלט קרישטאָל דורכזיכטיק. דורך אים זעט זיך דורך דער גאַנצער לעבנס פּאַטוס. דער גרויסער טרויער פון דעם מ ו ז, וואָס שלינגט איין דעם א י ך ו ו י ל, און ו ו י ל נ י ט.

מיר דאַכט, אַז נאַדיר פילט, ווען ער איז מיט זיך אַליין, ווי אַן אַלטער קעניג וואָס האָט פילע מלחמות גע־פירט, לענדער איינגענומען. און דערווייל זיינען אים די האָר אויסגעקראָכן. און זיין האַרץ טרויערט וואָס ער מוז נעבאָך טראָגן אַ קרוין אויף אַ פּליך — — צו וואָס דאַרף ער דאָס גאַנצע קעניגן?

אין אַ רעגנדיקן טאָג ווען דער קעניג דערפילט די רו־מאַטעס אין די ביינער, טראַכט ער:

וואָס קומט מיר אַרוים פון אַ סך לענדער, אַז איך אַליין ווער וואָס אַ טאָג ווייניקער?... וואָס האָב איך פון מיין קעניגן, אַז שטאַרבן מוז איך ווי אַ בעטלער?... און נאַדיר כאַפּט זיך:

האָב איך שוין טאַקע אומגעבראַכט אַזאַ יונג געבוי־רענעם טאָג? אויף אייביק פאַרשווענדט אַזאַ לעבעדיקן זונטיק, וואָס איז געווען אויסגעפּוצט אין הימל בלוי, און באַלויכטן מיט זון? קען איך שוין דעם טאָג טאַקע קיינ־מאָל ניט צוריקקריגן? אפשר וואָלט מען געקענט אויפוואַ־רימען דעם זעלבן זונטיק און אים נאָך אַמאָל איבערלעבן?

אומעגלאַך?... אַ שאָד... מסתּמא — מע דאַרף גאָר אויפשרייבן וועגן אַ לאַנד וואו מען קען לעבן ווען מען וויל, און ווי לאַנג מען וויל... אויב מען וויל באַהאַלטן אַ מאַנטיק, אָדער אַ מיטוואָך אויף שפּעטער, קען מען דאָס לייכט טאָן. מען הייסט דעם לעבנס וועכטער מאַכן אַ לעכל אין דעם בילעט פון יענעם יאָר, ווערט שוין יענער טאָג פאַר אייך אָפּגעהיט... — יאָ, מען דאַרף אויך זען, אַז אין יענעם לאַנד זאָל אַ מענטש קענען לעבן אַהין און צוריק... און אויף אַלע זייטן...



נאַדיר אין 1906



נאדיר אין מאַרמאָר — אהרון גודלמאַן

# די קריטיק וועגן נאַדירן

פאַר וואָס האָט מען ביי אונז אַזוי ווייניק געשריבן וועגן משה נאַדירן?

ווייל אונזער קריטיק איז קאַרגלאַך... פראַגמענטאַריש, פאַרווינקלט און אומגעוואַגט.

ש. ניגער האָט פּרובירט אין דער „צוקונפט" געבן וועגן נאַדירן אַ גרינדלאַכע אָפּשאַצונג, איז אַרויסגעקומען אַ קאַלטער קריטישער אַנאַליז, אָן באַגייסטערונג, אָן יענער איינטימער באַהעפטונג, וואָס דאַרף זיך פילן אין אַ קריטיק, ווען דער קריטיקער האָט ליב דעם קינסטלער.

ניגער זאָגט:

„משה נאַדיר — דאָס איז אַזאַ מין סטיל. און מער גאָרנישט. איר ווייסט, אַז סטיל מיט גאָרנישט פּאָרט זיך ניט, סטיל קען אַרויסוואַקסן נאָר פון עפּעס, דאָך טראַכט איר ניט וועגן דעם עפּעס, נאָר וועגן דער מאָדנעקייט פון דעם משה נאַדירשן אופן שרייבן — אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ ווי, גאָר אָן אַ וואָס."

אין די ווערטער איז דאָ אַ טייל אמת, אָבער ניט דער גאַנצער אמת. נאַדיר איז טאַקע אַ גרויסער סטיליסט, אָבער זיין סטיל וואַקסט אַרויס פון זיין באַזונדערע באַציאונג צום לעבן — מעג זיין באַציאונג זיין אַ נעגאַטיווע, איז זי אָבער אָרגאַניש פאַרבונדן מיט זיין סטיל מייסטערשאַפט...

## דער פילאָזאָפישער ניהיליסט

משה נאַדיר איז איינער פון די אייגנאַרטיקסטע קינסטלער וואָס מיר האָבן. ווי אַ לייכטער זומער טאָג איז ער אויפגעגאַנגען אין דער אידישער ליטעראַטור. ער איז געקומען מיט אַן אייגענעם שטאָלץ, מיט אַן אייגענעם טאָן, מיט אַן אייגענעם סטיל, מיט אייגענע שפּראַך־מיטלען וואָס ער האָט דערפונדן. ער האָט מיט זיין קינסטלערישער טעכניק פּאַרנאַדיריזירט די אידישע שפּראַך.

וואָס זאָגט אונז משה נאַדיר?

ער זאָגט אויף אַ גייסטרייכן אופן, אַז ער האָט אונז ניט וואָס צו זאָגן. ער רעדט איבערהויפּט ניט צו אונז. ער הומאָריזירט וועגן אונז, אָדער ער נוצט אונזער געהער אַריינצולאָכן זיין אויפגעלייזטן טרויער — —

נאַדיר האָט שטענדיק אַן אינטערוויו מיט זיך אַליין.

נאַדיר פרעגט נאַדירן:

וואָס דענקסטו היינט?

און נאַדיר ענטפערט:

ס׳איז וואונדערלאַך לאַנגווייליק — פּוסט, און נאָך אַ סך אומפאַרשטענדלאַכע זאַכן — —

האָסט היינט עפּעס צו זאָגן צו די מענטשן?

נאַדיר ענטפערט זיך:

די מענטשן האָבן זיך שוין איינע די אַנדערע צופיל געזאָגט, דערפאַר פאַרשטייען זיי זיך אַזוי שלעכט... פאַראַן אַזאַ פּאַראַדאָקס: וואָס מער מענטשן ריידן איינע צו די אַנדערע, אַלץ ווייניקער פאַרשטייען זיי זיך — — דאָך וואַרפט נאַדיר שוין באַשמינקטע ווערטער אין דער מי־סטעריעזער לײדיגקייט אַריין — — הענגט אויף פאַנ־טאַסטישע רעגנבויגנס אויף אַן אויסגעטראַכטן הימל — — קיין רעאַלן הימל האָט ער ניט, פּונקט ווי ער האָט

ניט קיין ערד אונטער זיינע גייסטיקע פיס. נאַדיר וואַנ־דערט אויף אַ בריק וואָס איז צעגויפגעשטעלט פון שטיק־לאַך חלומות — —

משה נאַדיר איז אַ פילאָזאָפישער ני־היליסט, ער גלויבט אַז ס'איז ניטאַ אין וואָס צו גלויבן. ער ליידט, פאַר וואָס עס לוינט זיך ניט צו ליידן — ער קעמפט פאַר דעם אַז עס לוינט זיך ניט צו קעמפן. „ווייל סוף כל סוף באַזיגט דער זיג דעם זיגער". מיט זיין שרייבן דעקט ער אויף די ליידיגקייט פון לעבן, וואָס ער האָט דערזען. מיט זיין יעדן אָטעם זיפצט ער אויס די גאַרנישט־דיגקייט פון דעם מענטשנס זיין. .

די פילאָזאָפן האָבן געזאָגט:

גיט אונז אַ זיכערן פונקט אויף וואָס זיך אוועקצו־שטעלן, און מיר וועלן קענען איבערקערן די וועלט.

נאַדיר זאָגט פאַרקערט:

נעמט אוועק אַלע פונקטן אויף וועלכע מיר שטייען, וועלן מיר ווערן פרייע מענטשן און קענען איבערקערן די ניט פרייע וועלט. ·

נאַדיר אַליין האָט געהאַלטן אין איין צעשטערן די פונקטן אויף וועלכע ער האָט זיך געהאַלטן. און וואָס ליידיקער עס איז געוואָרן אַרום אים, אַלץ ליכטיקער איז געוואָרן אין זיינע אויגן... און אַלץ טונקעלער אין זיין האַרץ — — אַלץ דורכזיכטיקער איז פאַר אים געוואָרן דאָס לעבן, און אַלץ נענטער דער טויט — — זיינע בליקן זיינען געוואָרן דורכדרינגלאַכער, זיין פאַרשטאַנד, סקעפ־טישער און פאַרצווייפלטער...

ווי ליריש לויטער איז די ניהיליסטישע באַטראַכטונג וועגן דעם מענטשנס לעבן. נאַדיר שמייכלט אויס דעם מורא'דיקן פאַטום מיט דעם מעדיום פון הומאָר, אָבער אונטער דעם שמייכל זעט מען די פיינלאַכע קנייטשן פון דער נשמה וואָס קומען פון דעם ראַנגלען זיך מיט דעם

אייביקן: פאַר וואָס? און צוליב וואָס?

„די גאָטהייט שלעפּט אונז דורך דער צייט, ווי א פּאַסטוך שלעפּט אַן איינגעשפּאַרטן שעפּס פאַר די הערנער. מיר קאָפּן מיט די פיס און מאַכן מע, אין לידער און אין פּראָזע. מיר ווילן נישט גיין אַהין און מיר ווילן נישט גיין צוריק. מיר ווילן נישט קיין היים און מיר דאַרפן נישט קיין דרויסן. מיר ווילן נישט גיין אויפן גלייכן וועג און מיר האָבן מורא צו בלאָנדזשען. דעריבער שטייען מיר און מאַכן מע. ליריש און עפּיש. ציניש און סענטימענטאַל. פילאָזאָפיש און טעאַטראַליש. אָבער אַלע מאַכן מיר מע בשעת מ'שלעפּט אונז דורך דער צייט ערגיץ אין דער לײדיגקייט אַריין. מיר ווייסן נים פאַר וואָס און פאַר וועו. מיר ווייסן נאָר, אַז נאָך דעם ווי מיר האָבן אַזוי אָפּגעמעקט אַ געוויסע צייט, ווערן מיר אַנטשוויגן. נישט ווייל מיר זיינען דערגאַנגען צו עפּעס אַ ציל, נאָר ווייל מיר האָבן שוין נים מיט וואָס צו מעקען. דאַן קומען אַנדערע נאָך אונז, מאַכן ווידער מע, און מען שלעפּט זיי ווידער ביי די הערנער, און מען שטופּט זיי אונטער. אָבער אַלע גייען זייער שאַפּנגאַנג. אַלע מאַכן מע. דער חילוק איז נאָר וואָס איינעמס מע איז מער מוזיקאַליש ווי דעם אַנדערנס, אָדער לירישער, אָדער טיפער".

דער גרונט טאָן פון נאַדירס שרייבן איז אַ שטומער געשריי:

קינדער פון דער ערד! אַלע נאַאיווע פריידן וואָס דער מענטש האָט געהאַט, האָט ער שוין אויסגעלעבט. אַלע חכמות וואָס דער מענטש האָט געקענט זאָגן, האָט מען שוין אַנאַנסירט אין די ביכער פאַר אונז. אַלע פאַר'שיכור'ענדע ווײַנען פון גלויבן האָט דער מענטש שוין אויסגעטרונקען; פאַר דעם היינטיקן מענטשן איז בלויז געבליבן דאָס סקעפּטישע וואַסער, וואָס לאָזט ניכטער און קאַלט דאָס געמיט. דאָס איינציקע מיט וואָס דער

היינטיקער מענטש קען זיך באַרוישן, איז מיט צווייפל און טרויער.

דערפאַר קומט אוים ביי נאַדירן! אַז אַלע מענטש־לאַכע חכמות, זיינען אין גרונט נאַרישקייטן. אַלע פריידן, — אומבאַוואוסטזיניקע נאַרעריי. אַלע אידעאַלן, — זעלבסט פאַרבלענדונג. אַלע גרויסע פאַרלאַנגען — קינדערשע אי־לוזיעס. אַלע הייליגקייטן — בלינדע שפּילערייען. דאָס איינציקע וואָס פאַר אונז איז געבליבן, איז אַריינצושרייען אין דער ליידיגקייט אַריין איין וואָרט: געוואַלד!

וואָס קען זיין אונזער טרייסט?

דער איינציקער גייסטיקער קאַמפּאַס אויף דער וועלט, איז דער מענטשלאַכער שכל. אַבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט דער שכל, אַז ווען ער אַנטוויקלט זיך, ווערט ער אַזוי שאַרף, אַז ער צעשניידט זיך מיט זיין אייגענער שאַרפקייט?

נאַדיר זאָגט:

„דער אייגענער שכל אַליין איז ווינציק. יעדער מענטש וואָלט באַדאַרפט האָבן צוויי שכלס. אַ שכל וואָס זאָל אַרבעטן, און אַ שכל וואָס זאָל אַכטונג געבן, אַז דער שכל זאָל אַרבעטן אַהין וואו מ'באַדאַרף.“

## דער טרויער פון אומגלויבן

„דער גלויבן איז דער אוידלסטער נערוו פון לעבן.“
—נאדיר

ווי קהלת פארצייטן איז נאדיר געקומען צום באַ־וואוסטזיין, אַז אַלע מענטשלאַכע ווערטן זיינען הבל הבלים, זיין פילאָזאָפיע פון לעבן איז, אַז דאָס לעבן איז געשטעלט אויף גאָרנישט:

„דאָס לעבן איז ווייניקער ווי אַ בעט, ווייניקער ווי אַ ביכער־שראַנק, ווייניקער ווי אַ זומערשפּרענקעלע אויפן פּנים. אַ בעט אָדער אַ זומערשפּרענקעלע קען מען נישט פאַרלירן, אָבער דאָס לעבן קען מען פאַר־לירן בא יעדער געלעגנהייט. דאָס לעבן איז ווייניקער ווי אַ מעשענער שליסל, ווייניקער ווי אַ שטעקן, ווײ־ניקער ווי אַ קידוש גלעזל. אַ שליסל אָדער אַ קידוש גלעזל קען געדויערן אַ האַלבע אייביגקייט, אָבער דאָס מענטשלאַכע לעבן קען געדויערן בלויז אַכציק אָדער נײַנציק יאָר.“

נאָדיר פילט ערנסט און שווער דאָס צעפּאַלן פון מענטשלאַכן לעבן. נאָר רעדן, רעדט ער וועגן דעם ווי־ציק און לייכט, ווייל פאַר דעם וואָס אַלץ איז דורכזיכטיק, פאַר דעם אַנטפּלעקט זיך די ליידיגקייט פון אַלץ. און אין דער ליידיגקייט „אַן עקלדיק אַרומדרייען זיך אויף דער באַשטימטער קאַרוסעלע. דערנאָך די צוקאָפּן ליכט“.

דער מענטש קען אָבער ניט פילן דעם אמת'ן טעם פון די זאַכן וואָס זיינען געגעבן געוואָרן, ווען ער רינגלט זיך אַרום מיט אַזאַ אויסגעטראַכטער ליידיגקייט — אפילו אילוזיעס מוזן זיין באַהעפט צו עפּעס — מעגן מיר אפילו ניט וויסן דעם ווערט פון דעם עפּעס — — האָט ער דאָך עפּעס די ווערט — גאָרנישט האָט די ווערט גאָרנישט. — נאָדיר זאָגט אַליין:

„עס לעבט דער גרויסער ווילן
די ליידיגקייט מיט עפּעס אויסצופילן...“

די נאַטור פאַרליידט ניט קיין ליידיגקייט. זי פילט אוים, צי מיט גוטס, צי מיט בייז, צי מיט לעבן, צי מיט טויט. פאַר איר איז אפשר ניט קיין אונטערשיד. אין דער נאַטור איז אַלץ אויסגעפילט. ליידיגקייט איז אַ מענטשלאַכער באַגריף וואָס קומט פון דעם מענטשנס טראַכטן וועגן דער זינלאָזקייט פון דער וועלט. ווייל דער מענטש באַגרייפט ניט דעם זין, נעמט ער אָן אַז די וועלט האָט ניט קיין זין. ווי מען זאָל זאָגן: ווייל אַ קליין קינד ווייסט ניט ווער עס איז זיין מאַמע, דערפאַר האָט ער ניט געהאַט קיין מאַמע... אויף אַזאַ אופן באַפרייען מיר זיך טיילווייז פון דעם גרויסן דראַנג צו וויסן די געהיימניש פון לעבן... און מיר דערפילן זיך לייכטער. אָבער אין דער אויסגעהוילטער וועלט, וואָס מיר אַליין האָבן באַשאַפן, ווערט אונז ענג — ענג פון ד ע ם ג ר ו י ס ן ג אַ ר נ י ש ט, וואָס דריקט די נשמה. ווייל פונקט ווי די נאַטור, קען אויך די נשמה ניט פאַרטראָגן דעם גרויסן גאָרנישט וואָס דער מענטשלאַכער אינטעלעקט האָט באַשאַפן.

אויף דעם אינטעלעקט אַליין דאַרף מען זיך ניט פאַרלאָזן. דער אינטעלעקט איז אַ טעראָריסט, ער וויל צושטערן מיט זיין קריטישער שווערד אַלע ווערטן פון לעבן; ער קען אונז ניט געבן קיין גאַנצן לעבנס אמת. מ י ר ד אַ ר פ ן ז ו כ ן אַ ן א מ ת ו ו אָ ס ז אָ ל אַ ר ו מ נ ע מ ע ן א ו ן צ ו פ ר י ד ע נ־ ש ט ע ל ן ד ע ם ג אַ נ צ ן מ ע נ ט ש ן — — — אַזאַ אמת, וואָס זאָל באַרעכטיקן דאָס לעבן אַנשטאָט מבטל מאַכן. דער פעסימיזם קען דערפאַר ניט זיין קיין לעבנס פילאָזאָפיע, ווייל ער קען ניט באַרעכטיקן דאָס לעבן. אמת, דער טויט לאַכט אויס מיט אַ גרויזאַמן געלעכטער אַלע מענטשלאַכע צילן און אויפטואונגען. דער מענטש מוז אָבער געפינען אַ טרייסט פאַר די פיינלאַכע צופאַלן, פאַר דער ברוטאַלער פאַרגענגלאַכקייט — — אויב

עס איז נאָך ניטאָ אַזאַ טרייסט, דאַרף מען זי באַשאַפן! נאָר ניט דערגיין צו פאַרצווייפלונג און טרויער אַזוי ווי נאַדיר זאָגט: .

„בייטאָג זאָג איך צו מיר אַליין: איך בין עלנד איינזאַם און פאַרלאָרן. ביינאַכט זאָג איך צו מיר אַליין: איך בין עלנד איינזאַם און פאַרלאָרן. און פון שלאָף מורמל איך צו מיר אַליין: איך בין עלנד, איינזאַם און פאַרלאָרן. און איך טרייסט מיך מיט די פיינע ווערטער, מיט די אינטימע ווערטער. אָבער איך ווער דערפון נישט ווייניקער עלנד, איינזאַם און פאַרלאָרן."

ווערטער אַליין קענען ניט טרייסטן. עס מוז זיין אַ גלויבן אונטער די ווערטער — — נאַדירן פעלט גלויבן. פעלט צובונד — ער איז בלויז צו־געבונדן צו ווערטער... דורך אַלע זיינע שרייבונגען גייט דורך דער טרויער פון אומגלויבן — — דער צער פון זען בלויז זיך אַליין אין דעם גאַנצן אוניווערס. דערפאַר איז זיין אוניווערס אַזאַ ליידיקער — — דערפאַר פילט ער זיך אַזוי עלנד מיט זיך אַליין:

„האָט מיר יאָרן גענומען ביז וואַנעט כ'האָב דעם גלויבן פון מיין האַרץ אַרויסגעריסן. אויף פרעמדער ערד צעזייט, אינם ווינט פון אייזנשטויב, אין די ווענט פון די פאַררויכערטע זאַלן, וואו מען האָט לעקציעס געלייענט איבער דער פרייקייט פונם לעבן, איבער די ליידיגקייט פון די הויכע הימלען. און וואָס מער איך האָב אויסגעליידיקט דעם הימל, אַלץ ליידיקער איז געוואָרן מיין אייגן לעבן, וואָס מער איך האָב פאַרשאָטן מיין וועג צו דער שול, אַלץ מער האָב איך פאַרשאָטן מיין וועג צו זיך אַליין."

די רעדער פון דער היינטיקער ציוויליזאַציע האָבן צעמאָלן די געטער אויף שטויב. אָבער קיין טרייסט פאַר דער מענטשלאַכער נשמה, האָט זי ניט געבראַכט. דער קאַמף פאַר אַ בעסערער געזעלשאַפט קען ניט אויספילן דעם מענטשנס גאַנצן איך:

„איז די פרייהייט רויט און רייף געוואָרן אין מיין נשמה, און דער גלויבן איז אויף די וואַסערן פון דער צייט פאַרשוואומען. און איך בין געבליבן אַזוי ליידיק ווי אַן אויסגעפלינדערט טעמפּל, פון וועלכן מען האָט אַלע הייליגקייטן אַרויסגענומען און אַלע טירן אָפן געלאָזט.“

נאַדיר האָט דערפאַר דערפונדן זיין געלעכטער שפּי־לעריי, כדי אויסצופילן די נודנע ליידיגקייט. זיין מעלאַנ־כאָלישער הומאָר קומט פון דעם דראַנג צו באַזיגן שאָ־פּענהויערס פּעסימיסטישע פילאָזאָפיע, וועלכע איז אויך זיינע. ער שטעלט אַרויס אַ לאַכנדיקע צונג פאַר זיינע טרערן קוואַלנדיקע אויגן כדי די טרערן זאָלן זיך אויפ־לייזן אין דאַמף פון געלעכטער.

נאַדיר וויל פאַרהומאָריזירן דעם וועלט טראַגיזם, פון פיין געשליפענע ווערטער וויל ער אָרגאַניזירן אַן אָפּטימיסטישע סימפאָניע וואָס זאָל פאַרשפּילן דעם טרויער, און אויספילן דעם מדבר אַרום דער נשמה...

הומאָר דינט דעם זעלבן צוועק ווי רעליגיע — נאָר מיט אַנדערע פאָרמען. דער צוועק איז: די סובלימירונג פון דער מענטשלאַכער נשמה... אַריבערהויבן דעם מענטשן איבער זיין וואָכעדיג־קייט, פּוסטקייט, אומהייליגקייט און פאַרצווייפלונג — אויסלייזן דעם מענטשן פון זיך אַליין... דורך דערקענען זיך אַליין. דורך לאַכן פון זיך אַליין — ווערן אַ קריטי־שער צוזעער פון דעם אייגענעם לעבנס ספּעקטאַקל — —

נאַדירס הומאָר האָט אַזוי ווייט ניט דערגרייכט. זיין הומאָר איז געמישט מיט צופיל סקעפּטיציזם... ער האָט מיט זיין געלעכטער ניט פאַרטױבט דעם וועלט טרויער... ניט באַפרוכפּערט דעם גייסטיקן מדבר... אים איז בלויז געלונגען צו פאַרוואַרפן אויסגעטרוימטע פעדים איבער דער

ליידיגקייט פון דער וועלט. אויף די דינע פעדים, אויס־געשפינט פון ווערטער, הענגט זיין האָפנונג, זיין טרייסט, זיין יום טוב — —

פאַר יעדן סוביעקטיוו דענקענדיק מענטשן זעט דאָס פאַרגייענדיקע מענטשלאַכע לעבן אויס אַ פּאַרנעבל־טער נול. אַזוי ווי דער מענטש שטייט צוזאַמען מיטן נול, קריגט דער נול אויך אַ ווערט. ווייל די פּער־זענלאַכקייט איז אַ באַשטימטער ציפער, וואָס גרעסער דער ציפער — די פּערזענלאַכקייט — אַלץ אַ גרעסערן ווערט קריגט דער נול — דאָס לעבן.

ביי נאַדירן בלייבט די פּערזענלאַכקייט באַזונדער און דער נול באַזונדער... עס קומט ביי אים ניט צו קיין סינטעז — — ער קען זיך מיט קיין זאַך ניט צענויפגיסן ביז עקסטאַז... דערפאַר ווערט ביי אים ניט געבאָרן קיין ווערט... אַלע ווערטן ווערן דורך זיין אַנאַליטישן בליק ווערטלאָז. און ווייל קיינער קען ניט האָבן קיין זיכערעס וויסן, בלייבט בלויז דער אומבאַשטימטער פּאַראַדאָקס:

„מיר נייען דורך קרומע וועגן צו גלייכקייט. אפשר איז דאָס גלייך אַזוי און אפשר נישט. קיינער ווייסט נישט. אפילו די, וואָס שרייבן לייט־אַרטיקלען. און זיי וויסן דאָך אַלצדינג. ברידער מיינע, דורך אומ־פרייע וועגן ווילט איר צו פרייהייט דערגיין. דורך נישט ברידערלאַכע מידות ווילט איר די וועלט ברי־דערלאַכקייט דערגרייכן. אַ, שוועסטער מיינע, בלאָנדע און בראַנעטע, אַ, ברידער מיינע, ראַזירטע און בער־דיקע".

ווייל נאַדיר אָפּערירט אַזוי פיל מיט פּאַראַדאָקסן, דעריבער איז אים שווער צו כאַראַקטעריזירן. ער איז אַזוי אומבאַשטימט און פּילאַרטיק, ווי דער מענטש־לאַכער געדאַנק... מען קען ביי אים ניט געפינען קיין גלייכע ליניע. זיינע געדאַנקען וויגן זיך שטענדיק צווישן יאָ און ניין.

ער איז זיגזאַגיש, קאַפּריזנע און ווידערשפּרעכנד, ווי דעם מענטשנס געפילן. דערפאַר האַלט ער פון „באַקוועמע שטאַנדפּונקטן" און לאַכט אויס אויסגעהאַלטנקייט:

„איך בין אַ ראַדיקאַלער מענטש און אַ פריידענקער — דין איך צו קיין געטער נישט. וויל איך נישט דינען אפילו צו מיין וואָרט. און וואָס פאַר אַ שייכות האָט דען מיין וואָרט צו מיר? איז דען דאָס אַרויסגעאָטעמטע ביסל ווינט אַ זאַך וועלכע שטייט העכער פון מ י ר זעלבסט, און מיט וואָס איך מוז זיך רעכענען?"

נאַדיר זעט ניט איין צוליב וואָס אַ מענטש דאַרף זיין אויסגעהאַלטן. דאָס מיינט דאָך צו נעמען אויף זיך פליכטן... אַנערקענט מען פליכטן, מוז מען האַלטן פון ווערטן און הייליגקייטן. דאָס מיינט עטישע באַציאונג. און נאַדיר וויל זיין פריי פון די באַגריפן:

„כ'האָב אייך נעכטן געזאָגט, אַז איך האָב אייך ליב? — נו, זאָג איך איצט אַנדערש".

כאַראַקטעריסטיש, ווי נאַדיר, דער איקאָנאָקלאַסט, פאַרענדיקט זיינע „באַקוועמע שטאַנדפּונקטן". ער זאָגט:

„קען זיין שפּעטער מיט אַ שעה וועל איך דענקען אַנדערש".

דאָס איז אומעטיש? אָבער — נאַדיריסטיש... אומ־רעליגיעז?

פונדעסטוועגן האָט נאַדיר זיין אייגענע רעליגיעזי־טעט. די רעליגיע פון דעם, וואָס גייט אַוועק פון י ע ד ע ר ר ע ל י ג י ע, און זוכט די מיסטעריע פון דער וועלט און זיך — דורך זיך... ער האָט זיך זיין פּ ר י וו אַ ט ן י ו ם ט ו ב...

נאַדיר זאָגט: „יעדער אינטעלעקטועלער מענטש מוז זיין רעליגיעז". מיר שיינט פאַרקערט. דער אינטעלעקט צעשטערט יעדן גלויבן... און דאָרט וואו נאַדיר איז אינ־טעלעקטועל, איז ער סאַטיריש, ציניש. רעליגיעז איז ער

ווען ער ווערט ליריש, ווען ער דערזעט די אומבאַהאָלפנ־קייט פון זיך און אַלץ וואָס לעבט... ווען ער ווערט ד י כ ט ע ר — יעדער דיכטער איז רעליגיעז — אפילו ווען ער פאַרניינט רעליגיע...




נאַדירם אַ פּאָזע — י. קאַטלער

## הומאָר און לעבען

פאַר וואָס איז הומאָר אין דער ליטעראַטור אַזאַ זעל־טענהייט?

ווייל וואָס אַמאָל ווייטער ווערט אַלץ שווערער צו זיין אַ הומאָריסט. די הומאָר מעגלאַכקייטן ווערן וואָס אַמאָל אַלץ מער באַגרענעצט. ווייל די מענטשן ווערן וואָס אַמאָל מער אינטעליגענט און באַוואוסטזיניק, קריטיש און פּינקטלאַך, טאַקטיש און אויבנאויפיק, אינפאָרמירט און פלאַך, סקעפּטיש און ליידיק. אַלע ווערן היינט גלייך — און ג ל י י כ מ י ט ל מ ע ס י ק. דערפאַר איז היינט דאָ מער מעגלאַכקייטן פאַר סאַטירע ווי פאַר הומאָר.

פאַר הומאָר איז נויטווענדיק די מענטשלאַכע נאַאי־וויטעט. און די מענטשן זיינען היינט צו איבערגעשפּיצט. הומאָר דאַרף האָבן רו און געמיטלאַכקייט, און די מענטשן זיינען היינט אומרואיק און אויפגערעגט.

פאַר הומאָר איז נויטיק אַ פאַרביקע פאַרשידנאַרטי־קייט, און די מענטשן פון די גרויסע שטעט ווערן וואָס אַמאָל מער איינאַרטיק און גרוי.

מיט עטלאַכע ווערטער: הומאָר דאַרף האָבן איינ־פאַכקייט און נאַטירלאַכקייט, און דאָס לעבן אין דער גרוי־סער שטאָט איז קאָמפּליצירט און ווייניק נאַטירלאַך...

הומאָר נויטיקט זיך אויך אין אַ טראַדיציאָנעלן לעבן. דער הומאָריסט דאַרף קענען זיינע כאַראַקטערן גרינט־לאַך, ניט כאַפּן אַ פאַר אויבנאויפיקע קאַריקאַטור שטריכן. דאָס אויבנאויפיקע פירט ניט צו הומאָר, נאָר צו וויץ. אמת'ער הומאָר קומט פון דעם עכטן מענטשלאַכן כאַראַק־טער.

אין אַמעריקע איז אָבער נאָך ניטאָ קיין אידיש טראַ־דיציאָנעלער לעבן פאַר אידישן הומאָר. מיר לעבן נאָך דאָ אויף דער אויבערפלאַך, אונטער דעם איינפלוס פון פרעמדע קרעפטן. מיר האָבן דאָ נאָך זיך אַליין ניט דער־

קענט. אהערקומענדיק אין א לאנד וואו אלץ און אלע גייען אין א גיכן טעמפא, גייען מיר נאך. לעבנדיק צוזאמען מיט מענטשן וואס שעצן איבער מאטעריעלן רייכטום, האבן מיר אויך איבערגענומען די אמביציע פאר מאטעריעלע רייכקייט, און אונטערשעצט דאס גרעסטע רייכטום אין דער וועלט — אונזער רעליגיעזעטעט, און דערמיט פאר־ארימט אונזער אמת׳ן כאראקטער...

נאך א שטערונג פאר דער באשאפונג פון הומאר, איז די גרויסע וועלט קאטאסטראפע, מלחמה. דער קריג זשע־ניע, וואס האט פאר די לעצטע יאהרען — פון קולטור און וויסנשאפט — ארויסגעוויזן אזוי פיל דעמאנישע קראפט, האט געגעבן מיט א האמער איבער׳ן קאפ דעם שאפנדן גייסט. די מלחמה און די פאגראמען זיינען צו גרויסע ערשיינונגען, אז דער מענטשלאכער גייסט זאל זיי קאנען ארומנעמען און זיך איבערהויבן איבער זיי, און אראפ־לאכן אויף זיי. צו קענען לאכן דארף מען נימ זיין גייסטיק פארוואונדעט, און באלאדן מיט שווערע געפילן, נאר מען דארף אלץ קאנען נעמען לייכט. די וועלט קאטאסטראפע איז אבער צו שווער, אפילו דער הומאריסט זאל זי קענען נעמען לייכט. ער ווייסט איבערהויפט ניט ווי אזוי ער זאל זי נעמען. זי איז איבער זיין באוואוסטזיין.

דערפאר איז היינט א שווערע צייט פאר הומאר. די אנטווישונג אין דער וועלט פירערשאפט האט געמאכט די מענטשן צו ערנסט, צו פארביטערט, אז זיי זאלן זיך קענען אביעקטיוו באגרייפן. און צו הומאר דארף מען האבן אן אביעקטיוון באוואוסטזיין. דער הומאריסט מוז שטיין ווי א זייטיקער צום לעבן.

די ליידן פון דער מענטשהייט האבן זיך צו שטארק ארויפגעצוואונגען אויף דעם איינציקן. דער איינציקער קען מער ניט זאגן: וואס גייט מיך אן די וועלט מיט אלע אירע איינבילדונגען און שאטנס? די וועלט האט זיך צו־געדריקט צום הארץ פון דעם איינציקן, און ווען עס בלוטעט

דאָס האַרץ פון דער וועלט, טוט אויך ווי דעם איינציקן מענטשן.

דערפאַר קען דער איינציקער, דער שעפער, ניט זיין רואיק, אָביעקטיוו צו די ליידן פון דער וועלט, און זיי אויסנוצן פאַר זיין געלעכטער. איבערהויפּט איז היינט פאַר אידן שווער צו לאַכן. אידן זיינען זייער ערנסט און נעמען אַלץ אויף מיט אַ באַטריבט האַרץ. דאָס געלעכטער פון גרויזאַמקייט איז אידן פרעמד. סאַטיריזירן קענען זיי, ווייל סאַטירע איז דער לייכטסטער אופן פון פּראָטעסט. סאַטירע קומט פון שוואַכקייט און הילפלאָזיקייט, הומאָר פון איבערווינדונג און מייסטערשאַפט.

וואָס איז דער סוד פון דער קאָמפּליצירטער ערשיי־נונג וואָס מען רופט הומאָר?

הומאָר קומט פון אַ העכערן באַוואוסטזיין, דער הומאָ־ריסט האָט דעם כח צו זען די קרומקייטן פון לעבן און בלייבן מיט אַ באַלאַנסירט געמיט. דער הומאָריסט טרויערט ניט אויף דעם וואָס דער מענטש ווייכט אָפּ פון זיין אידעאַל, נאָר ער לאַכט, און געלעכטער איז קאָרעקטיוו.

הומאָר קומט אַרויס פון מענטשלאַכן אידעאַליזם. אַ חיה קען ניט לאַכן, ווייל אַ חיה האָט ניט קיין אידעאַל, אַ פאָרשטעלונג פון אַ וועלט וואָס ד אַ ר ף זיין.

דער מענטש איז דאָס איינציקע וועזן אויף דער ערד, וואָס איז פייאיק צו האָבן אידעאַלן, אַ באַוואוסטזיניקן מוס־טער פון זאַכן. דאָס איז די הויפּט אורזאַך פון הומאָר. דער מענטש זעט אַז ערשיינונגען זיינען ניט אַזוי ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט זיין, רופט דאָס אַרויס זיין קריטיק, הומאָר איז פאַרשטעלטע קריטיק.

פאַר וואָס לאַכט מען ווען מען זעט אַז אַ צווייטער האָט זיך אויסגעגליטשט? ווייל מען ווייס אַז ער האָט באַדאַרפט גיין גלייך.

דער מענטש האָט אין זיין באַוואוסטזיין אַ מוסטער, און אַלץ וואָס גייט קעגן זיין מוסטער, ווערט פון אים קריי־

טיקירט. ווען אַ הונט זעט ווי אַ צווייטער הונט האָט זיך אויסגעגליטשט, איז דאָס ביי אים פונקט אַזאַ ערשיי־נונג ווי דאַן ווען ער איז געגאַנגען גלייך. ביידע ערשיי־נונגען זיינען ביי אים פון גלייכן ווערט. ער קען ניט קרי־טיקירן, דערפאַר קען ער ניט לאַכן.

די אינטענציע פון לעבן איז צו גיין אין גלייכע ליניען, עס פאַסירן אָבער צופעליקע בויגונגען און זיגזאַגן, וואָס שטערן דעם גלייכן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג. קומט דער מענטש און העלפט מיט זיין געלעכ־טער באַלאַנסירען דעם פּראָצעס פון לעבען. דערפאַר האָבן מענטשן הנאה פון לאַכן, ווייל ווען דער מענטש העלפט אין דער וועלטשאַפונג, דאַן פילט ער אַ פרייד.

אין דער קונסט ווערט דער זעלבער פּראָצעס פאַר־געשטעלט אין אַ פאַנטאַסטישער וועלט, די ווירקונג איז אָבער פונקט ווי אין רעאַלן לעבן. דערפון נעמט זיך אויך די פרייד וואָס מען האָט פון קונסט. ווייל אויף אַן אומ־דירעקטן אופן ווערט דער מענטש אַ מיטהעלפער אין דער וועלטשאַפונג. און פון שאַפונג קומט פרייד... דערזעלבער סוד אין דער קונסט ווי אין געשלעכט...

דאָס איז דער טעאָרעטישער גרונדגעדאַנק פון הו־מאָר. דער הומאָר וואַקסט זיך אָבער פאַנאַנדער אין פאַר־שידענע צווייגן.

## נאַדיר׳ס הומאָר

וואָס פאַר אַ הומאָר געפינען מיר ביי נאַדיר׳ן?
ניט דעם הומאָר פון סיטואַציע, אָדער פון כאַראַקטער, ווי ביי שלום-עליכם׳ען. נאַדיר׳ס הומאָר איז שפּילעוודיקייט. שלום-עליכם׳ס הומאָר איז פאָלקסטימלאך, נאַדיר׳ס — אינ-טעלעקטועל. שלום-עליכם גיט אונז אידישע טיפּן, נאַדיר — אידישע קאַריקאַטורן.

מערסטנס אָבער קומט ביי נאַדירן אַרויס דער הומאָר פון שפּיל. שפּיל פון וואָרט, שפּיל פון געדאַנק, שפּיל פון קאַפּריז און סורפּריז. אַלץ ווערט ביי אים פאַרוואַנדלט אין אַ גייסטיקער שפּילעריי. און שפּיל דורך שיינע פאָר-מען איז קונסט. יעדע עכטע קונסט-שאַפונג איז אין תוך געלייטערטער שפּיל. וואָס נעענטער אַ ווערק איז געצילט פאַר ניצלאַכקייט, אַלץ ווייטער איז עס פון קונסט. ליבע אין דעם שיינעם זין איז אויך שפּיל. דאָרטן, וואו עס קומט צו ניצלאַכקייט און צוועקמעסיגקייט, דאָרט הערט אויף די ליבע, דער שיינער שפּיל.

נאַדיר ערפינדעט פאַר אונז שפּיל דורך אַלערליי פאָרם-מיטלען. זיין חנ׳עוודיגע דערציילונג „מיין ערשטער ראָ-מאַן" איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין הומאָר. אין דער דער-ציילונג זיינען ניטאָ קיין גרויסע מענטשן, וואָס ליבן טאַקע אויף אַן אמת, און פירן צווישן זיך אַ ביטערן אומפאַרמייד-לאַכן קאַמף. נאַדיר ווייזט אונז די ליבע פון קינדער, פּינקט לאַכער געזאָגט: קינדער, וואָס שפּילן זיך מיט ליבע, פּונקט ווי זיי שפּילן זיך מיט שווערדלאַך און מעסערלאַך.

ענלאַכעס זעען מיר אויך אין דער געלונגענער הו-מאָרעסקע „שנעלע באַלמעלאָכעס". מען בויט ניט ביי אים אַף אַן אמת׳ן אַ הויז, נאָר דאָס איז אַזאַ שפּיל אין בויעריי, וואָס נאַדיר האָט פאַר זיך אויסגעטראַכט:

„דער גרויסער בוימייסטער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, אונטערגעבויגן מיט דער לינקער זייט פון

דער רעבטער האָט אַ שפּיץ פון זיין בית־המדרש הגדול׳דיקער באָרד און געזאָגט:

— מיט׳ן קומען איז טאַקע אַביסל טראָבל... אויפ׳ן דאַך — מאַכט ער — קען מען אים נישט שטעלן, ווייל ער׳ט אַראָפּפאַלן, וועט מען אים מוזן — מאַכט ער — האַלטן אין שטוב.

— וואָס טויג מיר, — זאָג איך, דער קומען אין שטוב, אַז איך דאַרף אים נאָר האָבן אויפ׳ן דאַך...

— אַקוראַט אויפ׳ן דאַך?! — איז דער בוי־מייסטער מבטל מיין טענה, — ווייל וואָס איז?— מאַכט ער — באשר די גוים האָבן זיך געמאַכט אַ מאָדע צו שטעלן די קומענס אויף די דעכער, דאַרפן זיי די אידן נאָכטאָן... ס׳איז בכלל, זאָגט ער, אַ גוי׳ישער מנהג... אַ חוץ דעם, מאַכט ער, איז גלאַט ניט פּראַק־טיש צו לאָזן אַזא קומען שטיין אין דרויסן... עס איז, זאָגט ער, צו אַ ט י י ע ר ע ר קומען....

— אָבער — טענה איך — ס׳דאַרף דאָך זיין פון וואַנען אַרויסצולאָזן דעם רויך פון שטוב, צי ניין?

— וועל, — מאַכט דער גרויסער אַרכיטעקט — וואָס שייך דעם רויך, קען מען אים אַרויסטרייבן מיט אַ יאַרמולקע... נאָט אייך, זאָגט ער, טאַקע מיין יאַרמולקע, און לאָז, זאָגט ער, זיין געצעטעלט אַ ביזנעס. ווי מ׳זאָגט, זאָגט ער, באַנאַך אין אַמעריקע...״

אויפ׳ן ערשטן אויגנבליק קען דאָס אויסזען פּוסטע שטיפעריייען? אָבער אין אַזעלכע אומשולדיקע תמימות׳דיקע שטיפעריייען שלאָגט אַ קוואַל פון נאַאיוון ערנסטן הומאָר.

נאַדיר׳ס בריליאַנטענע „נאָנסענס״ דאַרפן ערשט פאַר־שטאַנען ווערן. שווערע חכמות איז ניט קיין חכמה צו פאַרשטיין. דאָס קאָן אפילו אַ אידישער רעדאַקטאָר — אַ קונסט איז צו פאַרשטיין לייכט־פלאַטערדיקע נאַרישקייטן, וואָס בלענדן ווי יונגע שמעטערלינגען אין אַ זוניקן זומער־טאָג.

נאַדיר׳ס ראַפינירטער הומאָר מאַכט אייך אָפט צום לאַכן, אָבער מערסטנס מאַכט ער אייך צום שמייכלען. גע־

לעבטער איז פרימיטיוו, זעלבסטפאַרגעסנקייט; שמייכלען איז זעלבסט־קריטיק, רואיגקייט און געמיטלאַכקייט. פיינט פּאָזע.

נאַדיר איז קולטור. און קולטור איז פּאָזע, קונסט און געקינצלטקייט. נאָר ביי אים איז דאָס ניט אַרויסגע־צויגן פון דרויסן, ווי ביי די, וואָס קויפן דאָס פּאַרטיגערהייט ביי נאַדיר׳ן איז דאָס אינערלאַך, פּסיכישער צושטאַנד.

נאַדיר לעבט אין אַ וועלט וואו אַלץ איז געשאַפן גע־וואָרן צוליב שפּיל, אַז מען קוקט אַריין אין דער וועלט, קריגט מען דעם איינדרוק, ווי פון אַ קינדער־מוזעאום. מען זעט דאָרטן הייזער נאָר ניט צום וואוינען. עס זיינען דאָרט דאָ באַנען, אָבער ניט צום פאָרן ערגעץ אַף זיי. עס וואַקסן דאָרט פּרוכטן, אָבער ניט צום עסן, נאָר בלויז זיך צו שפּילן מיט זיי. מענטשן עקזיסטירן דאָרטן בלויז, ער זאָל וועגן זיי קענען זאָגן אַ וויץ:

„צו וואָס זיינען מיר, מענטשן, געגליכן?“ — פרעגט משה נאַדיר, און ער ענטפערט: „מיר זיינען געגליכן צו גרויסע שוויינקערלען, וואָס זיינען נאָך דער־צו היבשע בהמות“.

„אַ, דו ליבע אַנשטענדיקייט! איך נעם אַראָפּ פאַר דיר ס׳היטל און וואַרף עס דיר אין קאָפּ אַריין“.

די געזעלשאַפט אינטערעסירט אים אויף אַזוי פיל, ער זאָל זיך קענען אויסלאַכן פון איר. אידייען האָבן פאַר אים אַזוי פיל אַ ווערט, אויף וויפל ער קען באַווייזן זייער לעכערלאַכקייט. די קונסט איז בלויז אַ שפּילכל פאַר זיינע ראַפינירטע קאַפּריזן:

„וואָס קען מיך אין אייער וועלט אינטערעסירן? טראַגעדיעס רירן מיך נישט, — איך האָב זיי שוין געזען אַזוי אָפט. קאָמעדיעס זיינען אַזוי באַנאַל און אויסגערעכנט אויף ערפאָלג. פרויען — האָב איך שוין צו־פיל דערקענט פון דער נאָענט. קונסט — איז מיר אַ שיין וואָרט, וואָס איך געברויך אין געזעל־שאַפט פון דאַמען און יונגע דיכטער, וויסנשאַפט האָט

זיך מיר שוין איינגעגעסן אין די ביינער ווי ריומאַטעס.
און איר אַליין? — דאַרף איך זאָגן, ווערטער לעזער,
אַז... אַז איך האַלט אייך פאַר גאַנץ ליבע אייזלען,
וועלכע לאָזן זיך קיצלען אונטער׳ן עק און מאַכן
כאַ־כאַ־כאַ!"

דאָס גאַנצע לעבן ווערט ביי אים אַריינגעגאַרט אין
אַ געפלעכט פון ווערטער און בוכשטאַבן, און ער שפּילט
זיך מיט זיי:

„אָפּט הער איך, ווי די אותיות אין דעם וואָרט
ג אָ ר נ י ש ט קריגן זיך צווישן זיך. די גימל
זאָגט, אַז זי איז שענער פון דעם שין, און די אלף
טענה׳ט, אַז זי איז וויכטיקער פון דעם נון, און די
טעס טענה׳ט, אַז אָן איר קען מען ניט שפּילן קיין
טעאַטער. אַזוי טענה׳ן צווישן זיך די איינציקע אותיות
פונ׳ם אלף־בית. דאָס פירט אָפּט צו געשלעגן, צו
קנאה־שנאה, צו אונטער אלף־בית פּלאָנטערס, צו
מלחמה, ווייל אותיות זיינען אַזוי ווי מענטשן. אַזוי
אומגליקלאַך־צעטיילט. אַזוי טראַגיש־צעאייניציקט. אַזוי
אָן אַן אייגענעם ציל. זיי פאַרשטייען ניט, אַז א ל ע
א י נ א י י נ ע ם זיינען קוים איין אידייע, וואָס
מיינט אויך גאָרנישט. ווער שמועסט שוין, אַז זיי
זיינען באַזונדער".

דער אוניווערס עקזיסטירט פאַר נאַדיר׳ן בלויז כדי
ער זאָל זיך מיט אים קענען פאַרשפּילן און פאַרטרייבן
זיין לאַנגווייליגקייט.

דאָס איז נאַדיר׳ס אייגנאַרטיקער קוק אויפ׳ן לעבן.
דאָס איז אויך זיין בליק אויף דעם פאַנטאַסטישן לעבן —
די קונסט.

## עגאָצענטריזם און קולטור

„מיט די ציין האַלט איך מיך ביי מיינע עטליכע
פעלזנהאַפטע רייד, איך זאָל פון זיי נישט אַראָפּפאַלן.
מיט די ציין הענג איך אויף עטלאַכע אויסגעקליגטע
פראַזן וואָס שטייען צווישן מיר און אַן אָפּגרונט.“

פון וואַנען קומט צו נאַדיר'ן אַזאַ לייכט פּאַראַדאָקסאַלע, ציניש פּעסימיסטישע באַציאונג צו וועלט און מענטש?

פון ע ג אָ צ ע נ ט ר י ז ם. פון דער איינבילדונג: איך בין דער צענטער פון דער וועלט. אַלץ עקזיסטירט צוליב מיר.

עגאָצענטריזם איז אַ מאַגנאַמאַניע וואָס קומט פון אַ פ אַ ל ש ע ר ק ו ל ט ו ר. פאַראַן אַלערלייאיקע גרויסקייטן. די גרויסקייט פון דעם גראַפאָמאַן, וואָס פּאַזירט פאַר זיך אַליין אין אַ שפּיגל. די גרויסקייט פון פּאַרוועניו, פון דעם אויפגעקומענעם אַריסטאָקראַט, וואָס ציט אויס זיין ש אָ ט ן , און מיינט אַז ער ווערט דורך דעם אַליין גרויס. די גרויסקייט פון דעם לונאַטיקער, וואָס דורך זיין שוואַכקייט, האָט ער זיך אויפגעגרויסט אין זיין אייגענער פאַנטאַזיע. די גרויסקייט פון דעם עגאָטיסט, וואָס האַלט זיך פאַר סופּעריער, ווייל ער קען אויסנוצן אַנדערע... די גרויסקייט פון דעם קליינלאַכן, וואָס פּראָקלאַמירט ז י ך אַ ל י י ן . ביי יעדער געלעגנהייט און געזעסנקייט. און די גרויסקייט וואָס אַ נ ד ע ר ע מענטשן האָבן דערהויבן, ווייל זיי זיינען דורך דעם א ל י י ן דערהויבן געוואָרן...

דאָס איז אַ ווערטפולע גרויסקייט, וואָס האַרמאָנירט מיט דער בעסטער מענטשלאַכער קולטור. ווייל דאָס פירט צו דעם געווינשטן ס י נ ט ע ז : פ ו ן ד ע ם א י י נ צ י ק ן א ו ן ד י ג ע ז ע ל ש אַ פ ט.

דער עגאָצענטריזם איז פילאָזאָפיש פאַלש, און פּסיכיש שעדלאַך. ווען דער מענטש טראַכט, אַז ע ר אַ ל י י ן איז דאָס וויכטיקסטע אין דער וועלט, פאַרגעסט ער, אַז

עס זיינען דאָ נאָך מענטשן אין דער וועלט און זיי טראַכטן אויך אַזוי... דערפאַר איז אַזאַ טראַכטן אַבסורד.

צו פאַרשטיין אַז דער אייגענער איך, איז אַ מיסטעריעזע וועלט, איז אפשר אַ מדרגה, אָבער צו באַגרייפן אַז עס זיינען דאָ נאָך מיליאָנען מיסטעריעזע וועלטן איז אַ דערגרייכונג.

דער עגאָצענטריזם איז שעדלאַך, ווייל ער מאַכט דעם מענטשן טראַכטן צופיל וועגן זיין אייגענעם איך, מאַכט אים בלינד צו די וויכטיגקייטן פון דער וועלט. דער עגאָצענטריק טראַכט: אַלע האָבן הויקערס, נאָר ער אַליין נים. ער נעמט זיך אַליין פאַרגעטערן, דאָס שטערט אים צו זיין זעלבסט קריטיש. און ווער דאַרף נאָך אַזוי נויטיק זעלבסטקריטיק ווי אַ קינסטלער? זעלבסט קריטיק איז פאַרן קינסטלער פונקט אַזוי נויטיק ווי זעלבסט־פאַרטרויען. ווער עס האָט נים דאָס ערשטע, האָט אויך נים דאָס צווייטע. דער וואָס רעקלאַמירט זיין איך אַ סך, גלויבט אין אים ווייניק — ער בלאָזט בלויז אָן זיין שאָטן...

דער הומאָריסט, פונקט ווי יעדער קינסטלער, דאַרף זיך לייטערן פון זיך זעלבסט...

ביי אונז זיינען זייער ווייניק דערגאַנגגען די זעלבסט קריטיק. יעדער איינער פון אונזערע שרייבער האַלט זיך נים בלויז פאַר אַ זשעניע, נאָר פאַר אַ סופּער זשעניע...

ווער קען ביי אונז זיין אַזוי זעלבסט סאַטיריש, אַזוי, שטרענג צו זיך אַליין, ווי מאַרק טוויין איז געווען?

מאַרק טוויין האָט אַמאָל געשריבן וועגן זיך:

„איך בין געווען אַן אויטאָר 20 יאָר און אַן אייזל 55".

דער גרויסער הומאָריסט איז דער, וואָס נים נאָר קען ער זיך אַריבערהויבן איבער אַלץ און אַלעמען, נאָר אויך איבער זיך אַליין... ער קען לאַכן פון דער וועלט ווי ער וואָלט געווען אַ בירגער פון אַן אַנדערער וועלט.

נאַדיר, פּונקט ווי די מערסטע פון אונזערע שרייבער, קען דאָס ניט. ע ר  א י ז  צ ו פ י ל  פ ו ן  ד ע ר  ו ו ע ל ט . . . קען זיך ניט אויפהויבן איבער איר און איבער זיך. דאָס איז זיין גרעניץ *)

צו קענען די קאָמעדיע פון דעם אייגענעם לעבן, און שפּאַסן פון זיך אַליין, איז די הויכע מדרגה פון דעם הומאָריסט. דאָס הייסט האָבן אַ חוש פאַר דעם אייביקן הומאָר פון לעבן. נאַדיר נעמט אָבער זיך אַליין זייער ניט הומאָריסטיש. ער האָט מיט זיין סאַטירישן סקעפּטיציזם צעשטערט אַלע פּונקטן פון דעם מענטשלאַכן גלויבן, איין פּונקט האָט ער ניט צעשטערט: די דעלוזיע פון זעלבסט גלאָריפיצירטן עגאָ. דעם פעטיש פון דער אייגענער גרויסקייט. ער האָט געזען אַז די מענטשלאַכע מאָראַל, דער

*) אַ קינסטלער ווי יעדן מענטשן, קען מען בעסער דערקענען ווען מען כאַפּט אים פון דער זייט, אומגעריכט. נאַדיר גיט זיך זייער פיל אַרויס אין דעם בריוול צו רייזענען, געדרוקט אין דעם זשורנאַל: „ניי אידיש", וואו ער שטעלט פאַר דעם יונגן דיכטער יאָסל קאָטלער. נאַדיר זאָגט:

„טייערער אברהם רייזען!

כ'פיל וואָרהאַפּטיק, אַ שטיקל פרייד אויפצופירן די בלאַנדזשענדיקע פיס פון מיין יונגן חבר, יוסף קאָטלער, אויף מיינע „אויסגעטראָטענע טריט", וואָס כ'האָב אַליין פאַרשאָטן. עס איז אַי זיסלאַך־וואויל, אַי ביטערלאַך־געשמאַק צו הערן זיך אַליין ריידן — דורך אַ ניי, פרעמד קול, וואָס איז פאָרט ניט אינגאַנצן ניי, פרעמדס, ווי וואויל עס איז אַזוי רוי און איבערראַשנדיק, ווי ווען מ'זאָל הערן פידל־קלאַנגען אויף אַ פּויק."

מאַכט מען אַ פּסיכישן אַנאַליז פון די ווערטער, זעט מען, אַז נאַדיר קען זיין א י ד ניט פאַרגעסן אויף איין מינוט. אפילו ווען ער שטעלט פאַר אַ יונגן טאַלאַנט, מוז ער צולייגן: „אויף מיינע אויסגעטראָטענע טריט". און ווייטער: „ביטערלאַך־געשמאַק צו הערן זיך אַליין ריידן — דורך אַ ניי, פרעמד קול". און גיט ער אַ פאַרגלייך, סוגעסטירט ער אַזוי קונציג, עס זאָל אויסקומען, אַז זיין פידל־קלאַנג שפּילט קאָטלער איבער אויף אַ פּויק. נאַדיר האָט מסתמא געמיינט גוט, נאָר אַזוי ווי קיין מענטש קען ניט אַריבערשפּרייזן זיין שאָטן, אַזוי קען ער זיך נישט אַריבערהויבן איבער זיין עגאָצענטרישקייט . . .

גלויבן, די ליבע, די פריינטשאַפט, די היראַט, אַלץ הענגט אויף גאָרנישט, נאָר אַז די אייגענע גלאָריפיצירונג הענגט אויך אויף גאָרנישט אַזוי וויט, אָדער אַזוי נאָענט, האָט ער ניט געזען. זיין אייגענע פערזאָן האָט אים געהאַלטן אין איין פאַרשקלאַפן. ער האָט זיך געלאָזט. זיך געבויגן אין דרייען. געמאַכט אומבאַהאָלפענע מינעס, אַבי נאָכצוגעבן די קאַפריזן פון דעם צעפּיעסטשעטן עגא. פונקט ווי ניטשע אין זיין לעצטער פעריאָדע, האָט ער אויך אַ נ ט ג ע ט ע ר ט דעם הימל און די ערד, און געקומען צו זעלבסטפאַרגעטע־רונג. דאָס באַווייזט, אַז אַפילו אַ גרויסן קינסטלער, איז שווער זיך אַריבערצוהויבן איבער זיין צייט און זיין סביבה...

דאָס האָט פיל געשטערט זיין ווייטערדיקן ווערן. פאַר־צאַמט פון דעם אייגענעם איך, קען מען זיך ניט ב אַ ־ ה ע פ ט ן מ י ט ד ע ר ו ו ע ל ט... מען בלייבט אין אַ לאַנגווייליקער ליידיקייט. מען קען ניט דערגיין צו דעם אינהאַלט פון אַנדערע מענטשן... ב אַ ה ע פ־ ט ו נ ג א י ן ד ע ר ק ו נ ס ט, ווי אין דער ליבע איז טיילווייז ז ע ל ב ס ט פ אַ ר נ י י ג ו נ ג, דער קעגנזאַץ פון עגאָצענטרישקייט. נאַדיר קען דאָס ניט. דערפאַר האָט ער מיט זיין גאַנצן טאַלאַנט ניט אַרויס־געבראַכט קיין איין קינסטלעריש רעאַלן כאַראַקטער.

שטילערהייט רוימט אים איין זיין בלינדער עגאָ: נאָך וואָס זיך פאַרנעמען מיט אַנדערע כאַראַקטערן, אַז אַלץ איז סיי ווי אַ פילפאַרביקער גאָרנישט?

מען קען אפשר זאָגן, אַז נאַדיר האָט ניט געוואָלט געבן קיין קינסטלערישע געשטאַלטן, ער האָט בלויז גע־וואָלט געבן ווערטער סימפאָניעס, גראָטעסקע בילדער, אויס־געטראַכטע סילועטן, געפאַרבטע פופן, קאַריקאַטורן, אינ־טימע פאַרטראַכטונגען און שטימונגען.

דער ענטפער איז:

ווי שיין אַזעלכע זאַכן זאָלן ניט זיין, קענען זיי ניט האָבן אַזאַ גרויסע באַדייטונג ווי אַן אַ ל מ ע נ ט ש ־

*לאַכער כאַראַקטער*, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאַר עפּעס גאַנצעס, קינסטלעריש אָרגאַנישעס... וואָס פֿאַרשטאַרקט אונזער וויזיאָן...

באַ היינע׳ן איז אויך ניטאָ קיין גאַנצע כאַראַקטערן?

פילט מען אָבער זיין ליכטיקע וויזיאָן אונטער דעם. וואָס ער האָט געשריבן.

נאַדירס ניהיליסטישע וועלטבאַטראַכטונג איז ניט פרוכטבאַר. צו דערפֿירן אַלץ צו אַ גאָרנישט איז אפשר אויך אַ קונסט, אָבער צו ווייזן אַז דער פילפאַר־ביקער גאָרנישט אין אין דער זעלבער צייט *אַלץ*, — איז אַ *גרעסערע קונסט*...

צו באַשאַפֿן אַ כאַראַקטער דאַרף מען קענען פֿאַר־געסן דעם אייגענעם עגאָ, זיך אויפלייזן און אַריינהויכן זיך אין אַנדערע... אינטואיטיוו לעבן אַנדערע לעבנס. פילן זייערע האָפֿנונגען און אַנטוישונגען, זייער פּיין, און זייער צער, ניט זיין שטענדיק אַרומגערינגלט מיט זיך. אויב נאַדיר זעט אַמאָל אַנדערע מענטשן, זעט ער ביי זיי בלויז דאָס אויבנאויפיקע. דאָס נאַרישע, דאָס לעכערלאַכע. ווייל זיין נשמה טאַנצט שטענדיק אַרום זיין אייגענעם איך, האָט זי ניט געקענט באַשאַפֿן קיין געשטאַלטן, מיט ליבע, ליידן, האַס און פֿאַרגעבונג. וואָס אים איז אַמבעסטן געלונגען איז צו געבן *זיך אַליין*... ער קען אויף אַ קינסטלערישן אופן אַרויסשפיגלען זיינע שטימונגען, זיי־נע קאַפּריזן, זיינע האַרץ־ציטערונגען, און זיינע בליציקע איינפֿאַלן. ער האָט די פיינסטע שפּראַכמיטלען אַרויסצו־ברענגען זיין טרויער, זיין פֿאַרצווייפלונג. אָבער צום צווייטנס צער און טרויער איז ער ניט דערגנאַגען. זיין עגאָצענטריזם האָט אים דערצו ניט דערלאָזן, כאָטש ער אַליין פֿאַרשטייט — בלויז מיטן אינטעלעקט — *אַז צו דערגיין צום צווייטן איז פיל וויטער ווי צו זיך*... ער זאָגט זייער ריכטיק:

„מיין זון, עס איז בעסער ליב צו האָבן דעם

> פרעמדסטן מענטש אין דער וועלט, ווי זיך אַליין. מיין קינד, עס איז בעסער ליב צו האָבן אַ נישט פאַר־קאַמטע נעגערן, ווי ליב צו האָבן די באַרימטסטע פער־זענלאַכקייט אין דער וועלט, ווען די דאָזיקע פּערזענ־לאַכקייט איז — דו אַליין.
>
> מיין קינד, דיין פאָטער איז אַזוי מיד פון ליב האָבן זיך זעלבסט, אַז ער האָט זיך אַזש פיינט דער־פאַר, און ער טראַכט זייער ערנסט וועגן גט'ן זיך מיט זיך אַליין, אָבער ער קען עס ניט טאָן, ווייל ער האָט אויף זיך שטאַרק רחמנות, און ער ווייסט, אַז אַן זיך אַליין, וועט ער נישט קאָנען לעבן".

אַ שאָד, נאַדיר וואָלט מיט זיין אומגעוויינלאַכן טאַ־לאַנט געקענט ווערן אַ וועלט קינסטלער, ווען ער וואָלט זיך אַליין ניט געשטאַנען אין וועג... זיין זעלבסטפאַר־ליבטקייט שטערט אים. ווייל ער האַלט אין איין אַרומ־נעמען זיך, האָט ער מער ניט קיין ווילן אַרומצונעמען די וועלט. און אַ קינסטלער איז גרויס אויף אַזוי פיל, וויפיל ער קען אַרומנעמען ד י  וועלט און זי צו־דריקן צו זיך...

דורך דעם קינסטלער רעדט די שמים פון דער אייביגקייט. דורך נאַדירן רעדט דאָס פאַרגענגלאַכע... מענטשלאַכע... און פאַר אַ וועלט-קינסטלער איז ניט גע־נוג דאָס פאַרגענגלאַך מענטשלאַכע, ער דאַרף זיך דער־הויבן צו דעם  א י י ב י ק ן,  צו דעם  א י ב ע ר-מ ע נ ט ש ל א כ ן...

טייל פון נאַדיר'ס שאַפונגען, האָבן פונדעסטוועגן אַ דויערדיקן ווערט, פיינער ראַפינירטער הומאָר איז אַ ראַ־ריטעט אין יעדער ליטעראַטור, אויך אין דער אידישער... אויסער דעם, שטעלט נאַדיר צופרידן אונזער חוש פאַר שיינקייט. און דאָס איז אַ סך. אָבער — ניט אַלץ... קיין הייליגקייט גיט ער אונז ניט. דאָס פעלט אים. אים פעלט  ע ק ס ט אַ ז.  יענע דערהויבונג וואָס פירט צו  ש ע פ ע ר י ש ע ר  ז ע ל ב ס ט פ אַ ר ג ע ס נ־

ק י י ט , און ברענגט צו קאָסמישער באַהעפטונג. צו הארמאָניע. ווי מיר זעען דאָס ביי די נביאים, און ביי דעם מאָדערנעם דיכטער-פּראָפּעט וואָלט וויטמאַן.

וואָלט נאַדיר געהאַט אַ גרויסע אידעע, וואָלט ער געקענט ווערן אַ וועלטקינסטלער. ער האָט כמעט אַלע מיטלען דערצו. ער ווייסט ווי אַזוי צו באַהערשן די שפּראַך. ער קען זיין אינטים מיט זיך... האָט פאַנטאַזיע, קרעאַטיווע שפּילעוודיגקייט... ער זעט דאָס פאַרגאַנגלאַכע אַזוי קלאָר ווי די כינעזישע דיכטער. ער קען אויך אנכאַפּן אַ נייעם מאָטיוו ביים סאַמע האַרץ. אָבער אים פעלט די גרויסע אַ ל ץ - אַ ר ו מ נ ע מ ע נ ד י ק ע א י ד י י ע . אַ אידייע מיינט אַ פּלאַן, אַ ציל. דאָס צו האָבן דאַרף מען ניט לעבן פון מאָמענט צו מאָמענט; פון זיך צו מיר... נאָר פון מאָמענט צו אימער. פון זיך צו דער וועלט... דאָס מיינט זיך צו דערהויבן צו דער ליבע און צו דער קאָסמישער וויזיאָן פון דעם נביא... צו דעם דאַרף ערשט נאַדיר דערגיין...

---

מעסטן מעסט מען ניט מיט דער ג ר ע ס ט ע ר מ אָ ס , נאָר ווען מיר נעמען זיין שאַפן אַזוי ווי ס'איז, אין די אייגענע גרעניצן, איז נאַדיר ביי אונז אַן אומפאַרגלייכלאַכער שריפטשטעלער. אַלס שפּראַך קינסטלער איז ער דער ראַפינירטסטער פון אַלע. אין זיינע זעקס בענד, אַ טייל פון זיינע געזאַמלטע שריפטן, געפינט מען פילע אויסטערלישקייטן. מ'זעט נאַדיר איז דער ווירטואָז פון געדאַנק און ווערטער. ער שפּילט מיט זיין געדאַנק אויף די ווערטער, ווי חפץ אויף די סטרונעס. עס קלינגען ביי אים אַלערלייאיקע קאַדענצן, מעלאָדיען, שטימונגען, קאַפּריזן, פאַנטאַסטישקייטן פאַרשידענע לירישע פאַרטראַכטקייטן, פיינע סאַטירן.

אין נאַדירס זעקס בענד דאַרף מען לאַנג ניט זוכן

צו געפינען שימערירנדיקע עדלשטיינער, זיי זיינען צע־וואָרפן אומעטום. איבערהויפט זיינען שטאַרק צום האַרצן זיינע סאַטירן: „פאַראַן אַ שטעטל רוזוועלט", „אַ בריף צו מיין אָנקל", „מלחמה", „אים?". „איידער דו צינדסט אָן אַ שוועבעלע" און „צען מינוט רויע געדאַנקען". דאָס זיינען מייסטערווערק אין אַ קליינעם פאָרמאַט.

אויף זיין באַנד: „מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט" („וועגן ביכער און טעאַטער"), קען מען זאָגן אַלץ וואָס מען וויל, נאָר קיין קריטיק איז דאָס ניט. נאַדיר איז לויט טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער ניט קיין קריטיקער. צו דינאַמיש און אומגעדולדיק. זיין קאַפּריז שפּרינגט אַריבער זיין געדאַנק. זיין בויגן טעכניק איז צו פלינק און נערוועז צו קענען אָנהאַלטן די טיפע קרעסצענדאָ טענער. נאַדיר דענקט אַלעמאָל שטאַקאַטאָ, אין טעמפּאָ אַלעגראָ. אַ קריטיקער טראַכט מיינסטן לעגאַטאָ, טעמפּאָ־אַנדאַנטע... אַ קריטיקער איז אַ פּסיכאָלאָג פון קונסט און קינסטלער. פאַרטיפט אין די אייגענע טיפענישן, מיט דער טיפקייט אַריינצודרינגען אין די טיפענישן פון אַנדערע... מען דאַרף זיך קענען אָוועקגעבן, — זיך אָפּערן, כדי אַ ניי וועזן — אַ קריטיקערס קונסט ווערק זאָל געבוירן ווערן...

נאַדיר האָט ניט קיין געדולד דערפאַר, קיין אויסדויער. ער כאַפּט בלויז וואָס ליגט פון אויבן אויף און פאַרוואַנדלט עס אין אַ ציל פונקט פאַר זיינע חכמות און וויצן.

אַ קריטיקער איז אַ קינסטלער וואָס מאַכט מיט זיין טאַלאַנט שיינען דעם טאַלאַנט פון אַנדערע קינסטלער. נאַדיר פאַרבלענדט מיט זיין טאַלאַנט דעם צווייטן קינסטלער. ווען ער שרייבט וועגן אַ צווייטן קינסטלער האָט ער אין זין אַרויסצוברענגען זיך. דערפאַר בלייבט דער צווייטער אין הינטערגרונט און זעט מען נאַדיר'ן...

„וועגן ביכער און טעאַטער" איז אַ בוך מיט בליציקע

און וויציקע פעליעטאָנען וועגן שריפטשטעלער, און שוישפּילער. אייניקע אַרבעטן זיינען אים זייער גע־לונגען, — איבערהויפּט וועגן רייזענען, ראַלניקן און יהואשן, — זיינען רייך אין שאַרפע ווערטלאַך, קלוגע שפּאַסן. אָבער אַלס פאַראַנטוואָרטלאַכע קריטיק קען מען דאָס ניט נעמען. מ׳זעט דער ציל איז מער געווען צו זאָגן אַ געלונגענעם אַפאָריזם, אַרויסצו־רופן ביים לעזער אַ שמייכל, ווי ריכטיק און אויפריכטיק אָפּצושעצן אַ ווערק אָדער אַ קינסטלער, צו ליב אַ גוטן איינפאַל וועט ער ערפינדן אַ חסרון אָדער אַ מעלה וואָס דער קינסטלער האָט קיינמאָל ניט געהאַט. עס פעלט אים דער שטאַרקער סאָציאַלער געוויסן צו זיין אַ קריטיקער אין דעם אמת׳ן זין פון געדאַנק. צום ביישפּיל: זיין איבערגע־שפּיצטע נעגאַטיווע קריטיק איבער מאַני לייבס פּאָעזיע, איז גרינדלאַך פאַלש. מיט זיינע קונציקע געדאַנקען־גימנאַסטיק פאַרשטעלט ער פאַר אונז מאַני לייבס עכט דיכטערישן טאַ־לאַנט. צו ווייזן מאַני לייבס שוואַכקייט אַלס דיכטער, מיט דעם קונץ צו לייענען זיינס אַ ליד פון אונטן אַרויף, איז — מילד געזאָגט — אַ קינדערשער אויפטו. ווען מען זאָל לעזן היינעס שענסטע ליד, בלויז מיט אַ ביליקן טאָן, וועט עס אויך קלינגען לעכערלאַך.

וואָס אַנבאַלאַנגט זיין באַרשטן דאָס אידישע טעאַטער אַרויף און אַראָפּ, — כאָטש דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַ סופּערנאַלער טעכניק — איז געווען זייער גוט און צייט־לאַך אין „קונדס“, אָבער אין אַ בוך?

נעמט מען דאָס בוך אַלס פיינע שפּילעוודיקע פעליע־טאָנען, האָט מען דערפון אַ סך פאַרגעניגען. ווייל זיין מיים־טערשאַפט פון דער אידישער שפּראַך, ווייזט זיך דאָ אַרויס אויף אַ וואונדערלאַכן אופן...

עס טרעפט אָבער אויך אַמאָל, אַז נאַדיר גייט ניט צו צו קונסט און צו מענטשן מיט זיין שריפטשטעלערישער

טעכניק, מיט זיין ליטעראַרישער סטראַטעגיק, נאָר ער באַהעפט זיך מיט מענטשן און זאַכן דורך קינסט-לערישער אינטואיציע. דעמאָלט ווערט ער ליכטיק דורכזיכטיק. און אַלץ וואָס ער באַרירט ווערט דורכזיכטיקער, ליכטיקער... דעמאָלט גיט ער אונז די פיינסטע קינסטלערישע קריטיק, מיט אַזוי פיל לירישער דינקייט, און אָריגינעלן געשמאַק; אַז מיר אַליין ווערן דורך איר ראַפינירטער, לירישער...

וועגן אונזער יונגן דיכטער און מאָלער, יאָסל קאָטלער, שרייבט ער אין זיין: „אונטער דער זון", ווי וועגן אַן אויס-געטראַכטן העלד אין אַ ראָמאַן; אָבער אין דער אמתן איז דאָס פיינע דיכטערישע קריטיק:

„יאָסל האָט געמאָלן און געזונגען, געטאַנצט און געשריבן — מיט אַ גרויס פיינקייט און גערקליבנקייט. יאָסל האָט בלויז געשווינגן איבער זאַכן, וואָס ער האָט גוט געוואוסט. קיינמאָל זיינען די פּינטעלאַך אין זיינע לידער נישט געווען קיין מיטל צו פאַרדעקן אומבאַהאָלפנקייט. דאָס, וואָס ער האָט נישט געקענט — דאָס האָט ער געזאָגט. דאָס, וואָס איז געווען אומ-מעגלאַך, — האָט ער אויפגעמאָלן. דאָס, וואָס יעדער האָט גערופן „אַ שפּאַצירגאַנג", האָט ער אויסגעטאַנצט.

יאָסל האָט ווי אַ קינד פאַרשטאַנען בלויז די טיפ-סטע זאַכן. און די קלענערע זאַכן, וואָס מענטשן גיבן אַוועק אַ סך צייט אויף אויסצופאָרשן זיי, האָט יאָסל אָפּגעוואָרפן פון זיך. ווער איז געווען יוליאוס צעזאַר? נישט זיין דאגה! וואָס איז ראָקאָקאָ-סטיל? פרעגט אים בחרם... ווער איז אַנאַטאָל פראַנס? — אַ, דער מיט דער יאַרמולקע!

דערפאַר אָבער איז יאָסל גרויס-פאַראינטערעסירט אין וויסן, וויפל מינוטן זיינען פאַראַן אויף דער וועלט? ווי אַזוי גאָט נייגט זיך צו זיין אייגענער גרויסקייט, בעת ער שלעפט דעם כסא-הכבוד אויף זיין באַזוך צו אַן אַנדער גאָט...

## משה נאַדיר דער סטיליסט

משה נאַדיר האָט דעם לייכטסטן און פלינקסטן סטיל אין אידיש. זיינען ווערטער לויפן אַזוי גיך, אַז פאַר איי־לעניש לויפן זיי אַמאָל אַריבער די געדאַנקען. וועגן אַ רעגנדיקן טאָג שרייבט ער אויף אַזאַ אופן:

„וואַסער פּערל זיינען אָנגעהאַנגען אויף די שויבן פון מיינע פענסטער. מעלאַנכאָלישע וועלט־אמת'ן רינען מיר אין די אָדערן אַריין אַזוי גראָ און וואַסערדיק, ווי דער היינטיקער טאָג, וואָס טרינקט זיך אין די רעגנרינגען אין אַ פערלפּלאָנטער פון בליס־טשענדיקער גרויקייט״....

נאַדיר אַלס סטיליסט איז אין דער אידישער ליטע־ראַטור אַ גרויסער אויפטועה. אין דער הינזיכט פון פאָרם האָט ער אַ סך געגעבן. ער האָט פריי געמאַכט דעם וועג פאַר דער מאָדערנער אידישער שפּראַך. ער האָט דעם נייעם אידיש באַפרייט פון שאַבלאָן. אויפגעריסן די אַלטע באַ־נאַלע ווענדונגען, די פאַרגליווערטע שפּראַך דאָג־מעס, און אַריינגעבראַכט נייע בויגונגען, נייע ווענ־דונגען און נייע ריטמען. ער האָט געוואוגט צו בויען און באַנוצן ווערטער, ווי קיינער האָט נאָך פאַר אים ניט באַ־נוצט.

נאַדירס ווערטער גלעטן אייך ווי די פינגער פון אַ פאַרליבטער פרוי. ביי אים איז דאָ דער חן פון קינסטלערי־שער נאַכלעסיגקייט. ער דערפרייט אייך מיט זיינע ספּאָנ־טאַנע איינפאַלן, מיט זיינעם אַ צופעליקן בויג, אַ צווייידיי־טיקן שמייכל, אָדער אַ טאַנץ מיט אַ וואָרט...

נאַדיר האָט אַן אינטימע באַציאונג צו ווערטער. ער ווייסט זייערע שוואַכקייטן און זייערע שיינקייטן. ער איז ניט קיין פילאָלאָג, ער איז אַ פּסיכאָלאָג פון דער אידישער שפּראַך. ער פאַרשטייט דעם גייסט פון אַ וואָרט. ער ווייסט די קאַפּריזן פון איינציקע זילבן. ער ווייסט וואָס

פאַר אַ היפנאָז עס איבט אויס אַ געוויסע ווערטער־פאַר־זאַמלונג. אָפטמאָל פאַרנעמט ער זיך מיט דער אַנאַטאָמיע פון ווערטער און ווייזט אונז ווי אַזוי זיי פונקציאָנירן:

„טינט פלעקן אויף ווייסן פאַפיר. בלאָע מיסטעריען. וואונדער־פיגורן. הייליקע סימבאָלן. רעטעניש. איך קוק אויף די ווערק פון מיין שרייבנדיקער האַנט און איך קען זיך נישט אפּחידוש'ן פון זייער ענלאַכקייט צו זאַכן, וואָס לעבן און אָטעמען. און דאַרף דען דער שרייבער עפּעס מיינען מיט זיין שריפטשטעלונג? און איז דען דאָס טיפגעמיינטע מער טיף, מער וואונדערלאַך, ווי דער בוכשטאַב אַליין? מיינע טייערע געליבטע בוכשטאַבן. איך קוק אויף אייך. איר זענט אַ ל י י ן געדאַנקען. איר זענט אַליין לידער. איר זענט אַליין אַזוי פול מיט אינהאַלט. איך קוק אויף דעם לאַנג־געצויגענעם ל מ ד און איך דערמאָן זיך אָן אַ שיף, וואָס ציט זיך איבער'ן ים און ס'זעט זיך בלויז אַ לענגלאַכער קוימען, פון וועלכן עס שלענגלט זיך אַ רויך. אויף דעם סטאַטעטשנעם האַנטגעשרייבענעם בית און איך זע אַ ברייטברוסטיקע קאַטשקע, וואָס שווימט אויפ'ן וואַסער אַזוי גראַציעז. איך קוק אויף דעם טראַגישן לאַנגן צ ד ק און איך זע דעם קרייץ און אויף אים דעם צעקרייציקטן".

ווערטער זיינען ביי נאַדירן ניט קיין ס י מ ב אָ ל ן פאַרצושטעלן זאַכן, נאָר זיי זיינען פאַר אים ז ע ל ב ס ט־ש ט ע נ ד י ק ע ד ע ר ש י י נ ו נ ג ע ן. ער איז פאַר־אינטערעסירט אין ז י י אַ ל י י ן, אין זייער שיינקייט. ער זאָגט: „אַ שפּראַך דאַרף מען ניט נאָר קענען, נאָר זיין פאַרהייראַט צו איר, און האָבן פון איר צרות, אַנדערש קען מען זי ניט ליב האָבן." ווערטער פירן ביי אים אַן אייגן לעבן. זיי שמייכלען, טרויערן, קליגלען זיך, מאַכן חנ'דלאַך און זאָגן וויצן. מען קען זאָגן אַז זיינע ווערטער זיינען אַזוי לעבעדיק, אַז זיי צוקריגן זיך ווערן ברוגז און בעטן זיך איבער. ער באַציט זיך טאַקע צו ווערטער ווי צו לעבעדיקע וועזנס. ער שפּיאָנירט מער ווערטער, ווי דער־

שיינונגען, ער היט אָפּ זייער יעדן בויג און קנייטש. ער האַלט, אַז דער גאַנצער סוד פון שרייבן, ליגט אין דער פייאיגקייט צו קענען באַמייסטערן ווערטער:

„זיי ווייסן, אַז עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס דיינקען אין גערדאַנקען, און עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס דיינקען אין ווערטער. די, וואָס דיינקען אין געדאַנקען, לייגן אויף אומזיסטן וועג. ווייל נאָך דעם, ווי דער געדאַנק איז שוין אויסגעדיינקט, האָבן זיי ערשט נישט קיין ווערטער פאַר דעם געדאַנק, אין וועלכן אים אָנצוטאָן. און ביז וואַנען זיי האָבן אויסגעדיינקט די פּאַסיקע וואָרט־קליידער, האָט זיך דער אויסגעדיינקטער נאַקעטער געדאַנק דערווייל פאַרקילט, האָט אָנגעהויבן הוסטן, און איז געגאַנגען פון דער וועלט יונגערהייט. גוט איז די, וואָס דיינקען אין ווערטער. ווערטער זיינען פלינקע גרינג־פיסיקע לייט. קוים איז דאָס וואָרט אויסגעדיינקט, וועט עס שוין זיין געדאַנק געפינען אליין פון זיך“.

פאַר אַנדערע שרייבער איז דאָס אפשר ניט אַזוי ריכטיק, ווי פאַר משה נאַדיר. ביי אַנדערע שפּילט ניט אַזאַ ראָלע דאָס וואָרט, ווי דאָס בילד. טייל דיינקען מער מיט בילדער, ווי מיט ווערטער. פאַר נאַדירן איז דאָס אַזוי ווי ער זאָגט. ער אָפּערירט מער מיט ווערטער. נאַדיר האָט אַ זאַך, וואו ער שילדערט די טראַגעדיע פון אַ וואָרט. אַ וואָרט איז אים, נעבאַך, פאַרלוירן געגאַנגען. ער באַשרייבט וואָס פאַר אַ האָפנונג ער האָט געלייגט אויף דעם וואָרט. ער האָט גע׳חלומ׳ט וועגן דעם וואָרט, ווי וועגן אַ געליבטער:

„איך האָב אַרויסגעשיקט אַ וואָרט אין דער אומענדלאַכער צייט אַריין און — עס איז נישט צוריקגעקומען.

אַ גאָט׳ס רחמנות!

דאָס דאָזיקע וואָרט האָב איך געפלאַנצט אין

גאָרטן פון מיין נשמה, עס באַדעקט מיט טרערן,
באַזונט מיט האַרצפּייער.
דאָס וואָרט איז געוואָרן צייטיק.
איך האָב אַרונטערגעבויגן מיין שפּראַכבוים, האָב
אַ שאָקל געטאָן די ווערטער־צווייג און די שענסטע
פּרוכט, די ר ו י ט ס ט ע פּרוכט, איז אַרונטערגע־
פאַלן אויף אַ שטיק ווייס פּאַפּיר.
עס איז געווען „גאַנגלאַמאַרין“.

אַזאַ אויסגעטראַכט וואָרט. אָבער ער רעדט וועגן דעם מיט אַזאַ ליבע, ווי וועגן אַן אייגן קינד. ער באַנעמט זיך צו ווערטער, ווי אַ דזשענטלמען, מיט פיינע מאַניערן. ער פאַרשקלאַפט זיי ניט. אַרעסטירט זיי ניט. ער לאָזט זיי פריי. צווינגט זיי ניט זיי זאָלן קומען צו אים... זיי קומען אַליין און זיינען גרייט צו טאַנצן לויט זיין מוזיק.

מען דאַרף אָבער ניט אָננעמען, אַז זיין אויסערגע־וויינלאַכע ווערטער־טעכניק איז זיין הויפּט אויפגאַבע. אָפט־מאָל איז ער ג ע ש ט ע ר ט פון זיין „ווילדן ווערטער־וואַלד“. ער ווערט אין אים אַליין פאַרבלאָנדזשעט, און מען דערפילט צופיל זיינע געקינצלטע טריט. מען ווערט צו באַוואוסטזיניק איבער דער ו ו ע ר ט ע ר ד י ק י י ט פון זיין שרייבן.

סטיל איז מער ווי שפּראַך־ווירטואָזיטעט. ס ט י ל איז ד ע ר אָ ט ע ם פ ו ן ד ע ר נ ש מ ה... מיט וואָס פאַר אַ ריטם אַ מענטש אָטעמט גייסטיק, אַזוי שרייבט ער. נאַדיר אָטעמט גיך, דערפאַר איז זיין סטיל אַ גיכער, אַ לויפנדיקער.

ש. ניגער באַטאָנט עטלאַכע מאָל אַז: „דאָס וואָרט איז ביי משה נאַדירן אי די כלי, אי — אָפטמאָל — דער נגון. זיין אופן שרייבן — דאָס איז זיין שרייבן. זיין סטיל — דאָס איז זיין הויפּט ווערק“.

מיט דעם לעצטן זאַץ בין איך ניט אינגאַנצן איינ־שטימיק. נאַדירס סטיל וואַרפט זיך טאַקע באַלד אין

די אויגן אַלס אַן אומגעוויינלאַכע ערשיינונג. אָבער דאָס וויכטיקע אין זיין שרייבן, איז ניט זיין סטיל — כאָטש דער נאַדירישער סטיל איז פאַר זיך אַליין אַ באַדייטנדיקע שאַפונג אין אידיש — זיין הויפט אויפטו איז: אײן אַריינבריינגען דאָס פּריוואַטע אין דער אידישער ליטעראַטור. אַנרירן אַלץ מיט זיין אייגן האַרץ . . . נאַדיר מעג טראַכטן וועגן די אויסטערלישסטע זאַכן, אָבער זיין פאַנטאַזיע, איז דיק־טירט פון זיינע פלינק וויברירנדיקע נערוון... נאַדיר האָט געהאַט דעם כח זיך צו באַפרייען פון דאָס טראַדיציאָנעלע, דאָס דאָגמאַטישע אין דער ליטעראַטור, און אַריינצובריינגען דאָס פּערזענלאַכע, דאָס נאַקעטע, דאָס טעגלאַך אינטימע, און עס דער־הויבן דורך ראַפינירטקייט, דורך שיינקייט צו אַ קונסט...

נאַדירס אמת׳ע באַדייטונג איז ניט אין זיין ווירטו־אָזישן סטיל, נאָר אין זיין פּילפּאַרביקע אינטימקייט. ער האָט פאַר אונז אַנטפּלעקט וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך זיין פלינקן מאַרך און זיין שפּילנדיק בלוט. ער האָט אונז געוויזן אַן X-Ray פון זיין לעבן מיט זיך. ער האָט אונז געגעבן אַ פּאָרטרעט פון אַן אויסערגעוויינלאַך אייגנ־אַרטיקער נשמה.

## נאַדירס סאַטירע, וויץ און ווייזהייט

פאַראַן מאָמענטן ווען נאַדיר הערט אויף צו זיין דער מעלאַנכאָלישער מעטאַפיזיקער, דער פּאַראַדאָקסן שפּילער, און ווערט אָביעקטיוו און קריטיש, דאַן ווייזט ער, אַז ער קען זיין אַ גוטער סאַטיריקער.

וועגן פרייהייט זאָגט ער:

„יעדע רעגירונג האָט אַזוי פיל פרייהייט, וויפל זי קען צונעמען ביי אירע בירגער. און יעדעס פאָלק האָט אַזוי פיל פרייהייט, וויפל עס קען צוריקנעמען פון איר רעגירונג. אַמע־ריקע איז דאָס לאַנד פון פרייהייט".

„ווילן עטלאַכע לומפּנזין די פרייהייט צו לינטשן, אַ פּ ר ע נ ק ל י ט ל, האָבן זיי עס. ווילן אַנדערע די פריי־הייט צוקנאַפּלען מיט זייערע שיך דעם קאָפּ פון אַ נעגער־קינד, האָבן זיי עס. וויל אַ שיינע דאַמע די פרייהייט אַביסל דורכ־צושיסן איר געליבטן, קאָן זי עס באַקומען. וויל אַ חזיר־קאָפּ־דיפּלאָמאַט די פרייהייט אָנצורופן אַלע פּאַסיפיסטן מיט נידער־טרעכטיקע נעמען, קאָן ער עס באַקומען."

נאַדיר כאַפּט אַמאָל אַ שאַרפן בליק אויף דער וועלט, דאַן זעט ער זאַכן אויף זיין אייגענעם אופן. ער דערזעט אַז די מענטשהייט אַרבעט צופיל:

„אַלע הויכע דעכער פון נישט־געענדיקטע געביידן זיינען פאַרכאַפּט פון אַרבעטער. אַלע אייזנפאַבריקן זיינען פול מיט זיי. און אַפילו אויף די שלאַכט־פעלדער, וואו מען באַשעפטיקט זיך מיט פאַבריצירן הייסע פאַטערלאַנדס ליבע פאַרן שונא, געפינט זיך אויך אַ ריזיקע צאָל אַרבעטער. וואו איר וואַרפט אַ בליק, נאָר אַרבעטער און אַרבעטער. אין די שוועבל־פאַבריקן, אויף די פעלדער, אויף די שפּיצן פון די העכסטע געביידן, אויף די שיפן און אונטער די שיפן, אַפילו אויף די נאָך נישט געענדיקטע בריקן קריכן זיי אַרום. אַפילו אין די קאַנאַלן

און רינשטאָקן געפינען זיי זיך. אומעטום, אומעטום נאָר אַרבעטער און אַרבעטער. און אַמבעסטן, ווען דו לייגסט אַוועק דיין קאָפּ אויף די זיידענע קישנס און דו ווילסט שלאָפן, קלינגט ער ערגעץ מיטן האַמער אָדער ער טומלט מיט דער האַק, אָדער ער עגבערט מיט עגבויער, אָדער ער פֿאַלט אַראָפּ פון אַ הויכער געביידע און לאָזט אַרויס אַ נישט ראַפינירטן געשריי".

וואָס פאַר אַ פיינע סאַטירע אויף דער היינטיקער געזעלשאַפט. די מענטשהייט מיט איר גאַנצער ציוויליזאַציע האָט פאַרוואַנדלט די ערד אין אַ מיאוסע פאַבריק פון וואַכעדיקייט, און שטויב, וואו מען גיט זיך אַ ריר — שקלאַפעריי, וואו מען גיט אַ בליק — אויסגעמאַטערטע געזיכטער, אויסגעמוטשעטע גלידער. אויסגעבלאַסט לעבן... די מענטשהייט אַרבעט אַזויפיל און דער מענטש איז נאָך אַזוי אָרים...

ווען נאַדיר איז אַליין גערירט דאַן איז ער זייער אינטערעסאַנט. ער ווערט דעמאָלט סאַרקאַסטיש, און זאָגט די שווערסטע זאַכן אויף דעם לייכטסטען אופן. מיט וויפיל ריין מענטשלאַכער ווייזהייט ער פאַראײנפאַכט דעם קאָמפּליצירטן וואַנזין פון מלחמה:

„און דער הערשער וועט צו מיר קומען און זאָגן: ביטע שיין, גיב אַוועק דיין לעבן פאַר דיין פאַטערלאַנד. וועל איך אים ענטפערן: אדוני קעניג דו מיין. מיין לעבן איז נישט מיינס. עס איז גאָט'ס. ער איז דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דעם 156טן אינפאַנטעריע רעגימענט באַקאַנט אַלס פוס־גייענדיקע מענטשהייט. דאָס לעבן, וואָס איך טראָג אויף די פּלייצעס, איז זיינס. ער האָט מיך אַרויסגעשיקט אין דער גרויסער וועלט־שלאַכט מיט דעם באַפעל, אַז איך זאָל עס האַלטן ביי זיך. דאָס לעבן הייסט דאָס. ביז וואַנען ער וועט דאָס צוריקרופן דורך זיין אַדיוטאַנט

הערר טוים. דערוויל, הערר קעניג, האָט ער עס נאָך נישט צוריקגערופן. הייסט דאָס, אַז איך דאַרף דאָס קיינעם נישט אָוועקגעבן, נאָר איך דאַרף דאָס האַלטן ביי זיך. ווייל טאָמער וועט ער מיך געבן אַ רוף דורך זיין אַדיוטאַנט און זיך הייסן צוריקגעבן ס׳לעבן און איך וועל עס נישט האָבן ביי זיך, וועט זיך טאָן חושך. וואו האָסטו אַהינגעטאָן דאָס שפּאָגל־ניי לעבן, וואָס איך האָב דיר אָוועקגעגעבן ? וועט שרייען די גאָטהייט. וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו צו נעמען אַזאַ קונציק אויסגעשניצט לעבן מיט האַנט־געמאַכטע אויערן און עס אָוועקשייַנקען דיין קעניג ? און דאַריבער, הערר קייזער, וועט איר מוזן אַנטשולדיקן, וואָס איך קאָן אייך נישט צוליב טאָן מיט אַזאַ קליינינקייט, ווי אָוועקגעבן ס׳לעבן פאַר׳ן פאָטערלאַנד. יאָ־מלחמה, נישט־מלחמה, איך ווייס נאָר איין זאַך : איך דאַרף לעבן 24 שעה אַ מעת־לעת, נישט ווייניקער. דירעקטער באַפעל פון זיין עקסעלענץ הערר יעהאָוואַ״.

נאַדיר האָט אַ וואַריאַנט אויף דעם זעלבן מאָטיוו, וואָס איז דין סאַטיריש, און אין דער זעלבער צייט אינטים געגעבן און איז כאַראַקטעריסטיש אידיש :

„איך בין געבוירן געוואָרן מיט אַ פעלער : איך קאָן נישט זען קיין בלוט. איך בין מעלאַנכאָליש. איך בין פאַרביינקט, איך בין רעליגיעז, איך האָב ליב מיין שכן ווי זיך זעלבסט, און אַז מען גיט מיר אַ פאַטש אויף איין באַק שטעל איך אויף די צווייטע. איך בין אַ א י ד . ״

אין דער לייכטער איראָניע, איז דאָ מער קריטיק אויף דעם שטאַרק באַוואָפנטן אומזין פון מלחמה, ווי אין גרויסע שווער־באַלאַדענע אָפּהאַנדלונגען.

אמת, נאַדיר ווערט טיילמאָל אויבנאויפיק, מאַכט גיים־טיקע זייפנבלאָזן, גיט אונדז שאַמפּאַניער שוים אָן שאַמ־פּאַניער ווייַן, וויל זיך קליגלען און קליגלט זיך איבער... שפּעקולירט אויף אָן אמת און עס קומט אַרוים אַ סאָפיזם, אָדער הוילע ווערטער גימנאַסטיק :

„דער קריטיקער איז קיין קינסטלער נישט, איז אים גוט ווי די וועלט" —

איז אַ זאַגעריי וואָס מיינט זייער ווייניק. ווייל עכטע קריטיקער זיינען קרעאַטיווע קינסטלער: זייער קונסט איז פיל מער קאָמפּליצירט און פון אַ גרעסערן ווערט ווי די קונסט פון פילע פון די, וואָס זיינען ברייט און ווייט אַנאָנסירט און ווערן גערופן מיט דעם נאָמען... עס וואָלט שוין באַדאַרפט פאַרשטאַנען ווערן, אַז שעפּע־רישע קריטיק איז פונקט אַזאַ קינסטלערישע דערגרייכונג, ווי שרייבן אַ ליד, אַ ראָמאַן, אָדער אַ דראַמע.

נאַדיר שרייבט אַמאָל פּאַראַדאָקסן אָן דעם קריטישן זין, ווערן זיי טאַקע באַ אים געבוירן מיט אַ מום:

„דער טויט ווייל באַדינט ווערן, ווייל, מ'זאָל אים אָפּגעבן כבוד, באַווייזן, אַז מ'שרעקט זיך פאַר אים. הערט זיך אויף שרעקן פאַר'ן טויט, קוקט זיך נישט אום אויף אים, און ער וועט קיינ־מאָל נישט קומען צו אייך.

ביז היינט גלויב איך, אַז ווען דער מענטש זאָל נישט אויפ־הערן צו וועלן לעבן, וועט אים דער טויט קיינמאָל נישט קומען נאָענט".

וואָלט נאַדיר געווען אַביסל מער פאַראַנטוואָרטלאַך צו זיינע געדאַנקען, וואָלט ער ניט דערפירט זיין געדאַנק צו אַזאַ עקסטרעם. ווייל ער איז דאָך ניט אַזוי נאַאיוו צו גלויבן אַז „איר וועט זיך אויפהערן שרעקן פאַר'ן טויט, וועט ער קיינמאָל נישט קומען צו אייך" — ? דאָס וואָרט ק י י נ מ אָ ל איז דאָ זייער מיסברויכט. אויב עס וואָלט געווען אַזוי לייכט צו באַזיגן דעם טויט, וואָלטן פילע מענטשן אויסגעקעמפט זייער אומשטערבלאַכקייט...

אָדער:

דער חילוק צווישן אַ פילאָזאָף און אַ נישט־פילאָזאָף איז דאָס, וואָס דער פילאָזאָף אַרבעט אַ לאַנגע צייט אויף צו דער־גיין אַז מען קאָן נישט דערגיין גאָרנישט. בעת דער נישט־פילאָזאָף באַדט זיך אַלע טאָג, און שרייבט ליבעסבריף און גייט

שפּאַצירן און שמייכלט און לייענט די „טיימז" און ווייסט אויך אַז מען קען נישט דערגיין גאָרנישט".

פונדעסטוועגן איז די אומוויסנקייט פון אַ געטע נישט פון גלייכן ווערט ווי די אומוויסנקייט פון אונזערע באַטילטע ווערטער שפּעקולאַנטן.

ער קען אָבער אַמאָל די פאַרוויקלטסטע געדאַנקען אַזוי אויפלייזן, און זיי מאַכן דורכזיכטיק מיט זיין סטיל, אַז עס ווערט לייכט פאַר יעדן איינעם זיי צו זען אין זייער אורשפּרינגלאַכקייט, אין זייער נאַקעטקייט. ווי קריטיש פלינק, ווי אַפאָריזממעסיק שאַרף ער שרייבט וועגן דער ציוויליזאַציע:

„די ציוויליזאַציע האָט אַלעמען ציוויליזירט, נאָר נישט זיך אַליין. די ציוויליזאַציע האָט אַלעמען געלערנט עסן מיט מעסער־גאָפּל, אָבער אַליין איז זי געבליבן אַן אומציוויליזירטע מענטשנפרעסערקע. זי האָט אַלעמען געלערנט מענטשליבע און אַליין האָט זי ליב דעם מענטשן געבראָטענערהייט".

ווי פיין ער קען איראָניזירן גאָט. פון דער איראָניע אַליין קומט אַרויס דער הומאָר:

„על־חטא. מיר זיינען דיר מוחל, גאָט, פאַר דיינע זינד, וואָס דו האָסט באַגאַנגען קעגן אונז יעדן טאָג פון אונזער לעבן. מיר זיינען אַן איש רחום וחנון. מיר פאַרגיבן".

„מיר ווייסן, ליבער גאָט, דו האָסט געקאָנט אַ וואונק טאָן מיטן אויג און אונזער מוטער וואָלט ניט געשטאָרבן. אָבער דו האָסט עס נישט געטאָן, זיינען מיר דיר מוחל דיינע זינד.

טויזנטער מענטשן האָסטו געקאָנט ראַטעווען יעדן טאָג, ליבער גאָט, אָן שום אנשטרענג פון דיין זייט, אָבער דו האָסט עס ניט געטאָן, פאַרדריסט עס אַביסל, אָבער מיר פאַרגיבן דיר. פאַרט נישט מער ווי אַ זינדיקער גאָט."

איר געפינט בא אים אַזעלכע גראַציעזע בויגיקע גלייכווערטלאַך:

„מיין פריינט, אויב עמיצער באַליידיקט דיך, זעץ דיך אוועק און וואַרט אומגעפער אַכציק יאָר, וועסטו דיר דערלעבן אין אים די גרעסטע נקמה. ער וועט שטאַרבן. אויב עמיצער נעמט ביי דיר צו דיין ברויט, קלאָג אים נישט אָן. זעץ זיך אוועק און וואַרט אומגעפער אַכציק יאָר, וועט ער באַקומען זיין שטראָף. אויב עמיצער גיט דיר איבערן קאָפּ מיט אַ שטיק האָלץ, טראַכט, וואָס פון אים וועט נעבאך ווערן מיט אַן אַכציק יאָר שפּעטער און האָב אויף אים רחמנות“.

אָדער אַזאַ שטעכווערטל:

„די גאָטהייט זאָרגט ב״ה פאַר אַ מינדסטן ווערימל. זי גיט אַכטונג, עס זאָל צוטראָטן ווערן אין צייט.“

וועגן די פוסטקייט פון פּאָפּולאַריטעט זאָגט ער:

„צו זיין אַ שעקספּיר מוז מען געפעלן ווערן די לעזער, די פּרעמדסטע, די ערגסטע, די פאַרשלאָפנסטע, דער רום פון היינריך היינע שטייט אין די הענט פון נאַפט סוחרים. די אומ־שטערבלאַכקייט פון קעניג שלמה וואוינט אין די הערצער פון גמרא מלמדים.“

אָדער אַזעלכע איינפאַלן:

„פאַר וואָס נאָך שטאַרבט דער מענטש אַזוי גערן, ווי פאַר אומשטערבלאַכקייט?“

„נאָר דורך דעם וואָס איז מ ע ר ווי אמת, קען מען זען די קליינע, גרויע, נאַרישע אויגן פונם אמת.“

„לויפט די צייט ווי עפּעס אַ טונקל וואַסער, וואָס גאַרגלט זיך צווישן שטיינער אָפּגרונטן; אַמאָל איז עס געפערלאַך טיף, אַמאָל שפּיגלדיק פלאַך, אָבער תמיד שלעפּט עס אויפן רוקן די שאָטנס אוועק — די אילוזיען“.

„אַלע בעסטע וויינען ווערן געטרונקען שפּעטער, אַלע גליק־לאַכסטע מאָמענטן ווערן געלעבט מאָרגן.“

„אָט, למשל, זעט ער איצט, ווי סע ברענט אַ שפּיץ פון אַ

בוים, איינגעטונקען אין זונגאָלד, — אַזוי ווי דער דאָרנבוים אין דער מדבר, וואָס ברענט און ברענט און ווערט ניט פאַר־ברענט. דעם מענטשנס האַרץ איז אויך אַזוי. אַ דאָרנבוים וואָס ברענט אין דער מדבר פון לײדנשאַפט — ברענט און ברענט און ווערט נישט פאַרברענט."

„דאָס בעסטע מיטל קעגן ליבע איז קעגנליבע, און דאָס בעסטע מיטל קעגן קעגנליבע איז קעגנהייראַט."

וועגן צייטונגס שרייבער זאָגט ער:

„אַ מענטש קען נישט מאַכן 10 שעה אַ טאָג שלעכטע לי־טעראַטור און די 11טע שעה מאַכן גוטע".

וועגן גרויסקייט:

„גרויס איז מען דורך ריינער קוואַליטעט. גרעסער: דורך קוואַנטיטעט."

ליבע:

„ווען צוויי מענטשן בייטן זיך איבער מיט די הערצער, ווערט יעדנס האַרץ דערפון אייגענער."

וועגן אייביגקייט:

„אונדזער מענטשלאַכע אייביגקייט איז ווי אַ פליג אויף די פליגלען פון אַ פליענדיקן אָדלער."

וועגן די אַרבעטער באַדריקער זאָגט ער:

„אַלע האָבן דיך באַשווינדלט מיטן כח פון׳ם „מיצל־מיט־שפיצלאַך", מיטן בליסטש פונם „שאַרלאַך מאַנטל", מיטן כשוף פון גאָלד לייב צודעקלאַך, און זילבער שווערדלאַך. אָך, ווי זיי האָבן געציטערט צו גיין מיטן פאָלק אין באָד אַריין! ווי האָבן זיי, — דיינע ברויטגעבער — געציטערט צו ווייזן אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך נאַקעט געבוירענע."

מיט וואָס פאַר אַן אייגנאַרטיקן חן ער שרייבט וועגן דער ראָמאַנטישקייט פון אַמאָליקע צייטן:

„סורטשע!

עס מינען זיך וועלטן, אייביקייטן — **ארום אַט דעם פּראָסטן נאָמען.**

היינט איז ליבע אַ קליין מאָדע־אַרטיקל. אָפן שרייט מען עס פון די פענצטער ארויס. די בלעטער דיסקוטירן: זאָל מען ליבן אזוי צי אזוי? זאָל מען וואוינען מיט דער געליבטער אונטער איין דאַך, אָדער זאָל מען זיך אָפּשיידן פון איר און זיך „צע־נויפקומען" אין גרוים זעלטעניש!

היינט איז ליבע אַ זאַך צום באַטראַכטן. אָבער דעמאָלט!

דער טויט און דאָס לעבן צענויפגעבליצט אין דעם ענגסטן פּרעפּאַראַט, — אַ האָפנונג אזוי שאַרף, ווי... (ווער האָט דען דאָס וואָרט?); אַ גליק, אזוי גרויס ווי... (ווער האָט דען דאָס וואָרט?). און די טעג זיינען געווען ווי זיסע וויינרויטע וואונדן אויף מיר..."

דער טרויער פון פאַרגאַנגלאַכקייט:

„מיט שאַרפע ציין בייסט זיך דער היינט אָפּ פון די נעכטנס, וואָס ציטערן רויטבלוטיק אויף זיינע ליפּן ווי אַ צע־האַקטע שלאַנג."

סאַטירע אויף די אַלוויסנדיקע:

„איך פרעג נישט: וואָס מיינט איר דערמיט וואָס איר זענט אזוי גרינטלאַך אומוויסנד, אַז איר ווייסט אַזש אַלצדינג." — —

און וואָס פאַר אַ פאַרשידענע שפּילעוודיקע ווייזהייטן מען געפינט באַ אים. צופעליק צעוואָרפן אין פילע פון זיי־נע שריפטן. ווי געשיקט ער טייטלט אויף אונז, אַז מיר לעבן צופיל אוים אונדזער לעבן אויף פּאַפּיר:

„פּ אַ פּ י ר ן, פּ אַ פּ י ר ן. דער וועג צו אונזער דער־לייזונג איז אַ פּאַפּירענער. און אַז משיח וועט קומען, וועלן די צדיקים גיין אויף אַ פּאַפּירענער בריק אין גן עדן אריין. ס'איז אַ פּאַפּירענע וועלט. אונזער לעבן איז אַ פּאַפּירענס, און אונזער טויט איז אַ זאַך, וואָס באַשרייבט זיך אויף פּאַפּיר."

די איראָניע פון דער מענטשלאַכער אילוזיע:

„און-אומעטום בײנקט מען אַהין. און אין אַלע א ה י נ ם בענקט מען װײטער. און אין אַלע װ ו י י ט ע ר ם בענקט מען נאָך װײטער."

נאַדיר קען אויך זײער קלוג און אײדל שילדערן די נאַטור, איבערגעבן דעם זיסן ציטער פון די אויפגײענדיקע שטימונגען, װען מען איז יונג, און אַלץ איז פריש און נײ. עס װערט בײ אים אַ געמיש פון חכמה, לירישע ערינערונג מיט נאַטור מאַלערײ:

„די טעג זײנען געגאַנגען. שטיקלאַך אײביקײט זײנען געראָנען פון דעם געעפנטן צײט-שפּונט און האָבן מיטגענומען מײן לעבן — איך בין װינציקער און גרעסער געװאָרן. די אויגן האָבן נאָך מערער געבײנקט נאָך װאונדער, װאָס פלאַצן אין דער לופט, װי שאַלעכץ פון גאָלדענע אײער. אומענדלאַך שײן און װײט — איז געלעגן דאָס לעבן — װי אַן אַהינצוציאיק פעלד מיט געל-װערנדיקן װײץ, װאָס דער װינט רעדט צו אים, דורך זומערדיקע שטילקײטן, און די ערד קושט יעדע זאַנג בײם װאָרצל, און די פײגל מאַכן קרױזיקע פלי-צײכנס איבער דעם, און ערגעץ-ערגעץ קלינגט דאָס דאָרף, קלינגט אַ האַק, אַ סערפּ, אַ בראָנע, קלינגט דאָס געבענטשטע לעבן פון מענטשן בלינדע, װאָס זעען דורך די פאַרמאַכטע אויגנדעקלאַך בלױז אַ דינעם אָפּשײן און װײסן, אַז ס'איז טאָג און אַז ס'שמעקט מיט הימל און מיט ערד און מיט זומער.

די אינגלישקײט איז אין מיר צײטיק געװאָרן, װי אַן עפּל, װאָס איז פאַרטיק צו פאַלן פון אַ בױם, װאָס שטײט לעבן פלױט — אויפן אָפענעם װעג אַרויף צום צעטראָטן װערן פון דעם זאַטן, אָדער צום אויפגעהויבן-װערן פונ'ם הונגעריקן..."

נאַדיר קען אויך גוט סאַטיריזירן די אידישע צײטונגען מיט זײערע רעדאַקטאָרן. אַ צײטונג איז דער בעסטער שפּיגל פון דער הײנטיקער הפקר ציװיליזאַציע, אַ געמיש פון קלוגשאַפט און ביליגקײט, װיכטיקע אינפאָרמאַציע און

ווילדע סענסאַציעס. די אידישע צייטונגען פּרעטענדירן
אויף ערנסטקייט און פֿאַראַנטוואָרטלאַכקייט — אפילו אויף
אידעאַליזם. נאָר זייערע רעדאַקטאָרן — ? גאָדיר סאַ־
טיריזירט זיי מייסטערהאַפֿט:

### דער רעדאַקטאָר

„דער „רויטער שימען" האָט געבויט זיין צייטונג אויף זיין אייגענעם געשמאַק. אַליין איינער פון די פּראָסטינקע און גרויאינקע, אַ „קינד פונם פאָלק" — איז אים געווען גרינג צוצוטרעפן דעם געשמאַק פון זיינע לעזער. איך קען אַן אַנדערן אידישן רעדאַקטאָר, וואָס איז זיך נוהג, וויבאַלד מ'בריינגט אים אריין ליד, אָדער אַ נאָוועלע, אָדער אפילו אַ פּובליציסטישן אַרטיקל, רופט ער אריין דעם „לאָבוז פון רעדאַקציע", אַ הויכער, נארישער יונג, מיט אַ ווייסער קאָפּ — און לייענט עס אים פאָר. אויב דער „לאָבוז" פאַרשטייט יעדעס וואָרט, איז — אַ סימן, אַז ס'פאָלק וועט עס אויך פאַרשטיין. אַלאַ נישט, מוז נעבאַך דער באַליידיקטער און געקריינטער שריפטשטעלער צוריק ארומבינדן זיין סחורה מיט אַ גומינדל און גיין ווייטער.

דער נעמלאַכער רעדאַקטאָר האָט ליב אַליין צו „אַנטדעקן" זיינע טאַלאַנטן. איז אַזוי: אויב איר לאָזט זיך פון אים אַנט־דעקן, איז נאָך נישקאָשע, מעגט איר אפילו האָבן טאַלאַנט אויך, איז ער אויף אייך נישט בייז... אַבי איר שרייבט פאַר אים אַזוי, ווי ער וויל... קוים אָבער זענט איר שוין אַן „אַנטדעק־טער", איז ביטער ווי גאַל... פאַראַן בלויז איין רפואה: זיך צו לאָזן נאָכאַמאָל אַנטדעקן פון א י ם, זאָל לעבן!... אין אַזאַ פאַל שמד'ט ער אייך אָפּ... גיט אייך אַ נייעם נאָמען. אויב איר האָט, למשל, שוין געשריבן אַ סך יאָרן און איר זענט באַקאַנט אויף אַ האַלבער וועלט אונטער'ן נאָמען „עפּלשטיין", בייט ער אייך איבער דעם נאָמען אויף ג. האָצע, אָדער ד. פּלאָצע. און אריינעמען נעמט מען אייך אריין שטיל... מ'שמירט אייך צומערשט אָן מיט פּוטער, און אַז קיינער זעט נישט, גיט מען אייך אַ שלעפּ אריין דורכן פענצטער... מ'וואַשט אייך אַרום

די ריינקייט... מ׳באַשפּריצט מיט אַביסל „בלאָטע“ (דאָס איז דער „הערב“ !), מ׳זאָגט אייך אָן למ"ה, איר זאָלט קוקן קאַסאָקע אויף אַלצדינג... נישט זאָגן דאָס, וואָס איר מיינט, נישט מיינען דאָס, וואָס איר זאָגט. און דאָס ביסל, וואָס איר זאָגט יאָ, זאָלט איר זאָגן נישט מיט אייער אייגענעם צונג, נאָר מיט דעם צונג פון „פאָלק“, דאָס הייסט: פונ׳ם לאָבוז...

דער רעדאַקטאָר אַליין האָט אַמאָל געהאַט אַביסל טאַלאַנט און אַ סך זיצפלייש. ער האָט געקענט צוקלעפּן זיין אויער צום שליסל־לאָך פון לעבן און... זיך אונטערהערן. ער איז געווען נישט קיין לעבנס־קינסטלער, נאָר אַ לעבנס־שפּיאָן, האָט גע־פּאָרשט ביי דעם אָרימען לעבן. געשנאָפּט, עס אַרומגעטאַפּט, זיך געביוועט אין זיינע טיפענישן, ווי אַ מויז אין קעלער פון אַ פּאַרלאָזן הויז זוכט אַ ליכטל... אויפצופרעסן עס...

ער האָט נעגעסן זיין טרייפן ליכטל — אַנשטאָט אָנצו־צינדן עס ! ער האָט זיך געשעמט אויסזאָגן (אפילו זיך אַליין), אַז אַ ליכט איז נישט... צום עסן... מיט דער צייט אָבער האָט ער זיך צוגעוואוינט דאַצו. אויף צו להכעיס זיך אַליין און אַנדערע עסט ער איצט ליכט, איינגעטונקט אין נאַרישקייטן... אַמאָל איז דאָס ליכטל געמאַכט פון זיין אייגן נשמה־פעטס... עס טוט וויי אַרויסצורייסן פון זיך דאָס שטיקל נשמה און אָפּ־טאָפּיען דאָס ביסל פעטס... אָבער וואָס טוט נישט דער מענטש ווען ער איז הונגעריק נאָך ברויט, נאָך ליבע, נאָך רום ?“

נאַדיר שילדערט דאָ דעם געוויינלאַכן טיפּ רעדאַקטאָר. נאָר אויף איינעם ענדלט דאָס בילד אַמבעסטן — דעם אידישן לייענער וועט ניט זיין שווער צו טרעפן וועמען איך מיין — ווייל ער איז דער צייטונגס דיריגענט, לויט וועמענס טאַקט די אַנדערע שפּילן...

אין דער מענטשלאַכער נאַטור איז פאַראַן אַזאַ בלינד־קייט, אַז ווען אַ מענטש ווערט דערהויבן צו אַ העכערער פּאָ־זיציע, זינקט ער אַרונטער אַלס מענטש — — פאַראַן

אויסנאַמען. נאַדיר האָט וועגן דעם אייניקע גוט אָרגאַ־
ניזירטע ווערטער. ער זאָגט:

„דער פרופשטיין פון אַ מענטשנס כאַראַקטער איז: אויב ער ווערט מענטשלעכער און בעסער, ווען זיין לעבן ווערט באַקוועמער און גרינגער — איז אַ סימן, אַז ער איז אַ ריינער מענטש. אויב נישט — איז אַ סימן, אַז ער איז אַ שוויין. דער ריינער מענטש איז שוואַך קעגן שוואַכערע פון זיך און שטאַרק קעגן שטאַרקערע. דער אומריינער איז פונקט פאַרקערט.

איך וואָלט געקענט אויספילן אַ גאַנצן בוך מיט אַפאָ־ריזמען, וואָרטשפילן, פאַראַדאָקסן, אויסטערלישע איינפאַלן, מיט סאַטירע וויץ און וויזהייטן. נאַדיר איז זייער רייך אין זיי. אין די בליסטשענדיקע פראַגמענטן דערקענט מען נאַדירן בעסער ווי אין זיינע גאַנצע זאַכן. אויף נאַדירן וואָלט מען אפשר געקענט זאָגן אַז ער איז גרויס אין קלייניקייטן... איך האָב פיל מאָל אין אים געזען — איך וויל ניט זאָגן געניאַלעס, דאָס וואָרט איז שוין גענוג מיסברויכט געוואָרן — אָבער איך האָב אין אים דערזען עפּעס, וואָס איז זעלטן ביי מענטשן און אפילו באַ שריפטשטעלערישע מענטשן. זיכער האָט נאַדיר פעלערן, ווי יעדער קאַנדידאַט פאַרן טויט... אפשר גרע־סערע, חוצפה׳דיקערע, מען פאַרגיט זיי אים, ווען מען דער־קענט אים אין דער טיף — ווען מען האָט ליב אַ מענטשן איז אים לייכט צו פאַרגעבן... און נאַדירן מוז מען ליב האָבן... ווען נאַדיר ווערט ערנסט און זיין נשמה ווערט פריי, צינדן זיך באַ אים אָן די ווערטער, ווי בוימער אין אַ ברענענדיקן וואַלד. און איר בלייבט מיט באַוואונדערונג פאַר אַ גרויסער מיסטעריעזער דערשיינונג... ווי אַזוי לייכט דאָס פייער? און ווער האָט עס אָנגעצונדן?

משה נאַדיר איז ניט קיין גרויס פייער, קאָנצענטרירט אויף איין אָרט — נאָר ווי אַ פייער אויף אַ ליידיק פעלד, וואָס דער ווינט צעבלאָזט אויף איינציקע פונקען...

פאַראַן צייטן ווען איך האָב נאַדירן זייער ליב, אַזוי ליב, אַז איך האָב מורא ער זאָל עס ניט דערקענען אויף מיר... באַהאַלט איך דאָס טיף אין זיך. ווייל אים טאָר מען נישט אַרויסווייזן קיין צופיל ליבשאַפט, ער איז ווי אַ קאַפּריזנע פרוי, אָדער ווי אַ צעלאָזן קינד. גיט צופיל נאָך זיינע פאַר'עקשנ'טע קאַפּריזן... טיילמאָל ווייעט פון אים מיט אַ טרויעריקע פוסטקייט, ווי פון איינעם, וואָס איז אויף די עלטערע יאָרן געוואָרן רייך...

אָבער זאָל ער דערזען אַ שיין בילד, אַ שיינע ליניע, אַ שיינע שורה, ווערט ער באַלד איבערפילט מיט געזאַנג, מיט פּאָעזיע, זיינע ווערטער נעמען פילפאַרביק פאָספאָרירן ווי די פייערן אויף אַן אויסגעמאָלענעם קאַמין...




נאַדיר — מאַסקע, י. קאַטלער

## נאַדיר דער דיכטער

„אָ, זיסע, אויסגעהוילטע שאָלעכצן!
ווי אויף אַ ווערמדיקער, פּוסטער נוס, פּייף איך אויס
אויף אייך — —
דאָס ליד פון מיין לויטער האַרץ,
פון מיין טויב און שוואַלב,
פון מיין זון־אויסשפּיל."

נאַדירס לידער באַשטייען פון פאַרצווייפלונג און קלוג־שאַפט. דער טרויער באַשאַפט זיי, די קלוגשאַפט צערטלט זיי, שפּילט זיך מיט זיי. עס פילט זיך אין זיינע לידער אַ פאַרלאַנג אויפצעקניפּן די פאַרפּלאָנטערטע וועלט, זי פאַנאַנדערלייגן אויף באַזונדערע פעדים, אויף אַזאַ אופן ווייזן ווי שוואַך זי איז — ווי נישטיק... אַ בלאָז פון דעם צופאַל, און די לעבנספעדים פאַרבינדן זיך, אַ הויך פון דעם טויט, און די פעדים ווערן איבערגעריסן... און די גאַנצע מענטשלאַכע חכמה אין דער וועלט, איז ווי קאַלטער לבנה־שיין אויף שטיקלאַך צעבראָכן גלאָז אין אַ מורא'דיקער נאַכט:

„ווי גרויס דאָס לעבן איז, פון שאָטנס אויסגעוועבט,
ווי שאָטנס איז מען דאַך, צו שאָטנס צוגעהעפט.

נאַדיר זעט די אייביקע מיסטעריע פון דער צ ע ־ ט י י ל ט ק י י ט פ ו ן ד ע ר ו ו ע ל ט. איין שטיקל איז אָפּגעריסן פון דעם צווייטן און זוכט דאָס צווייטע איינצושלינגען אין זיך, כדי אַ דריט שטיקל זאָל זיי ביידע איינשלינגען...

נאָך וואָס דאַרף אַ שפּין אויפפרעסן אַ פליג, דערנאָך זאָל אַ וועספּע זיי ביידע איינשלינגען? זיינען לעבעדיקע באַשעפענישן באַשאַפן געוואָרן כדי צו זיין שפּייז פאַרן

טויט? וואָס איז דער זין פון דעם שוידערלאַך אייביקן וואַנזין?

„אוי, ווער זאָל זאָגן? ווער זאָל ריידן?
די קאַץ קומט אָפּט צוגיין באַנאַכט פאַריאָמערט און פאַרקלאָגט;
וויינט און וואַיעט אַזוי עלענדלאַך:
— מיאו איז מיר,
עפּן באַלאַבעסל מיר די טיר.
ס'איז גרוי די נאַכט און רוי
און קאַלט אַזוי.
אוי, עפּן אויף. האָב גאָט אין האַרץ!
אוי, מיאו איז מיר —
עפּן־אויף די טיר.
קומט זי שטיל־גנב'יש מיט אַ מייזעלע אין מויל
אריין צו מיר.
פאַר'גנב'עט זיך אין ווינקל פון דער קיך
און עסט און וויינט.
דאָס פרישע מייזל־בלוט ליגט איר אויף די וואָנצעס,
און זי, די פעטלאַכע, „וויינענדיקע שוועסטער",
די טמאה פון די קעלערשטובן
דאָס שווארצע מזל פון די וויסטע היימען
וואו דער דלות פירט די שפּינען זיינע אויף אַ שטריקל
איבער זיפצנדיקע הערצלאַך פון שלאָפנדיקע קינדער.
אָט־די פעטע, פאַלשע, פוילע זאַך
גריזשעט יונגע ביינדלאַך פון אַ מייזעלע
באַלעקט זיך אַלע וויל די פרומע וואָנצעס אירע,
טרייסלט מיט איר לאַפּקע פונם אויער ארויס די מויזן־קללות
און וויינט, און וויינט...

ווי שוידערלאַך קלאָר נאַדיר זעט דעם סאַדיזם פון לעבן. איין וועזן לעבט אויף דעם פּיין פון דעם צווייטן... אין וואָס פאַר אַן איראָניש ליכט ער שטעלט דאָס ארויס אין דער וויציק סאַרקאַסטיש פאַרטראַכטער פּאָעמע: „יעזוס־עכאָד".

אָבער ניט אַלע נאַדירס לידער האָבן אין זיך אַזאַ טיף געלייטערטע קריטישקייט ווי די פילאָזאָפיש גרויסע פּאָע־מע. טייל פון זיינע לידער האַלטן ניט אויס קיין שטרענג קריטישע באַציאונג, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט דער בעס־טער פּאָעזיע. זיי האָבן צו ווייניק פון דעם עכט לירישן עלעמענט אין זיך. און ליריזם איז דער עסענץ פון יעדער פיינער דיכטונג. לירישע לידער דאַרפן אין זיך אנטהאַלטן אַ סך פון דעם: וואָס דער דיכטער זאָגט בלויז צו זיך אליין... אין טייל פון נאַדירס לידער פילט זיך ווי ער וואָלט זיי געזאָגט צו עמיצן... אָדער, ער וואָלט געוועזן באַוואוסטזיניק, אַז עמיצער שטייט אונטער דער טיר און הערט זיך איין וואָס ער זאָגט... דערפאַר געפינט מען ביי אים אַזוי פיל פערזן וואָס זיינען ניט געבויט אויף איבערלעבונגען, נאָר אויף געקליגלטקייט, אויף איינ־פאַלן. גאַנץ אָפט זיינען זיינע איינפאַלן קלוג און אייגנ־אַרטיק שיין, אָבער אַ ליד איז מער ווי דאָס:

„אַ באַק —

— און נאָך אַ באַק

— ווי קריסטוס הייסט —

געשטעלט אַנטקעגן דיר.

איצט בין איך שוין אויך ביידע באַקן אַ געפּאַטשטער,

וואו נעם איך איצט אַ דריטע באַק?

אַ, יעזוס, ברודער!

אַמאָל מישט זיך ביי אים צעניויף קאַפּריז, טרויער, און ריינע, ניט מאַסקירטע מענטשלאַכקייט:

פון אונטער אַן אַטלעס קאָלדרע אַפיר,
זאָגן מיר אייך, ווער איר זאָלט ניט זיין:
פאַרגיט אונז ביידן, ווער מיר זאָלן ניט זיין,
דעם זיסן טויטנטאַנץ, וואָס ווערט געטאַנצט
ליגנדיקערהייט.

איידער נאַדירס לידער קומען צו אונז ווערן זיי פריער אָפּגעקילט אין דער לאַבאָראַטאָריע פון זיין אינטעלעקט. אָבער אורשפּרינגלאך שעפּט ער זיינע לידער — ווי דאָס בעסטע פון זיין שרייבן — פון דעם קוואַל פון טרויער:

די זון איז טויט.
מ׳פירט זי צו דער קבורה
מיט גרויע וואָלקנאָקסן.
אָוהו, וואָס פאַר אַ וויסטע וויסט
עס פליסט און גיסט!
עס רינט די ערד,
דער הימל רינט,
אַלצדינג רינט און שווימט.
צעגאַנגען איז די זיכערקייט
פון פוס
אין לאַנגן רעגנגוס.
דער ווינט וויינט. אַלע הערצער זיינען
וויינענדיקע פידלען.
אַלע אויגן זיינען צירונגקעסטלאך פאַר
פערלדיקן טרויער.

אַלע היילינקייטן אין דער וועלט האָט ער באַצווייפלט. ער האָט פון אַלע וואונדער אַראָפּגעבאַרשט דעם אַלטן שטויב פון רעליגיעזיטעט. אָבער די היילינקייט פון טרערן איז ביי אים פאַרבליבן טייערער פון אַלץ:

פידלען און מנורות,
זילבערנע בעכער —
אָבער בינטלאך טרערן
שטייען באַ מיר העכער.

פון וואַנען קומט צו נאַדירן אַזאַ אומאויפהערלאכער טרויער? טיילווייז פון עגאָצענטרישקייט... און מייסטן פון דעם שטענדיקן טראַכטן וועגן דער פ י י נ ל א כ ע ר

פ אַ ר ג אַ נ ג ל אַ כ ק י י ט . . . איך, אַ מענטש, וואָס דענק און וויל עס זאָל זיין אַנדערש, בין צוגעבונדן צו אַן אומזיניקן  מ ו ז — א י ך  מ ו ז  א ו י פ ה ע ר ן  ז י י ן . . .

„וואָס פאַרגייט?
נישט די גרינלאַך־בלאָ־רויטע זון
פאַרגייט.
נאָר מיין לעבעדיקער טאָג פאַרגייט,
צעבלוטיקט,
הינטער אַלע בערג.
— — — — — — — — — — — —
וואָס גייט אויף?
נישט די אַלטע, מעשענע לבנה,
נאָר מיין אַלטער, אָפּגענוצטער טרויער,
שווערער ווי אַ זאַק מיט אייזן אויפן נאַפּל.
פוסטער ווי אַ לעצטער פייף אין אַ לאַנג ווינט.

פאַראַן מאָמענטן ווען נאַדיר קוקט אויף זיין צער אָביעקטיוו, דעמאָלט שפּילט ער זיך מיט אים, ווי מיט אַן אַלטער וואונד, צו וועלכער מען האָט זיך שוין צוגעוואוינט:

„מיין צער איז געשניצט
און געפּליטערט,
מיין צער איז געזילבערט,
געבראָנזט.
מיין צער איז אַ טונקעלער דימענט,
מיין צער איז אַ צירונג פאַר מיר.“

ווען נאַדיר פאַרוואַנדלט זיין צער אין אַ שפּיל, דע־מאָלט ווערט ביי אים געבאָרן אַן אויסטערלישע שיינקייט. נאָר אין מאָמענטן ווען ער נעמט פאָזירן מיט זיין טרויער, ווערט ער געקינצלט און סענטימענטאַל ווי אַ פרוי. דע־מאָלט האָט זיין פּאָעטישע וועלט בלויז צוויי דימענסיעס. פאַראַן ביי אים לידער וואָס זיינען האַלב אומעטיק, האַלב

שטיפעריש, און האָבן אַ באַזונדערן משה נאַדירשן חן. איר האָט הנאה זיי צו לייענען, ניט קוקנדיק אויף זייערע דעפעקטן, ווי צום ביישפּיל דער געקינצלטער „אוי וויי“ אין דעם ליד:

„שערבעט און קאָניאַק און אויך דובאָניי,
טרייבן מיט בייטשלאַך מיין ווייטאַק, אוי וויי.
וויסקי, אַבסינט, קאַווע און טיי,
שלעפערן איינעט מיין ווייטאַק, אוי וויי.“

משה נאַדיר איז דער כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פון דעם היינטיקן אידישן אַמעריקע: מיט זיין עקסטרעמן אינדיווידואַליזם, מיט זיין הפקר'דיגקייט, מיט זיין איילנדיקער טעמפּאָ, מיט זיין ריידן וועגן אַלץ אין דער וועלט און גלויבן — אין ריידן... מיט זיין פּאַראָדיע און סאַטירישע באַציאונג צום אַמעריקאַנער אידישן לעבן, און זיין סענטימענטאַלע בענקשאַפט אַהיים אין דעם קליינעם שטעטל. ער זאָגט:

„איך האָב ליב מיין היים, מיין ערד, מיין שטאָם, מיין שטעטל.“

אַלע שיינקייטן זעט ער אין דעם ווייטן אַמאָליקן דאָרטן:

„איך האָב ליב — דאָס בית־המדרש'ל
מיטן פרומען ספּאַדעק־דעכל,
דעם אָטעם פון דעם יום טוב שבועות,
די פעלד־פרייד פון ל"ג בעומר,
דעם טעם פון די ערשטע,
פרישע, גאָט־געבענטשטע זינד —
אין גערטנער, און אין וועלדער.
(גרויסע, גוטע ערד! גרויסער, גוטער גאָט!)“

אַלע גרויסקייטן זעט ער דאָרט, וואָס ער זעט דאָ, איז פאַר אים בלויז אַ טעמע פאַר פּאַראָדיע און וויץ. דאָס מיינט ניט אַז נאַדיר האָט ניט קיין אויפריכטיקע באַציאונג,

ער איז טיף פאַראינטערעסירט, אָבער — אַנטוישט, דער־פאַר — טראַגיש... ער איז אַן אויסדרוק פון אונזער היינטיקער דעגענערירטער אומגעבונג, מיט אַלע מעלות און חסרונות פון דעם איבערציוויליזירטן־קולטורלאָזן לעבן.

קיין סאָציאַלער דיכטער איז נאַדיר ניט, כאָטש ער באַרירט סאָציאַלע מאָטיוון. זיין גרויסער קריג איז מיט דער גאָטהייט, ניט מיט די מענטשן. אים גייט ניט שטאַרק אָן דער אומגערעכטער קלאַס, — וואָס אים פאַרדריסט אַמשטאַרקסטן איז די אומגערעכטע באַשאַפונג... דער גאַנצער קאָסמאָס געפעלט אים ניט:

„אָ, דו מיין וועלט פון ברויט־מיט־חלום!
ברויט עסט ברויט.
דער טויט פרעסט אונז ווי וויים און קרוכלע ברויט.
און מיר אַליין גאָטס הייליק בלוטיק ברויט
עסן אויף אַ יעדער ברעקל גאָט —
און מאַכן מיסט פון זיך...
יעדע שטיקל ברויט ווערט — חלום...
יעדער פיצל חלום ווערט איינגעשפּאַנט אין אָקסנשפּאַן פון ברויט
דאָס גרינע, לאַכנדיקע פעלד מיט ווייץ,
וואָס ווערט — ווען ס׳גייט אַדורך דורך אונזער איינגעווייד?“

פאַר וואָס געפעלט אים ניט אַזאַ וואונדערלאַך רייכער קאָסמאָס? ווייל „אַלצדינג איז אַ טראָפּן טוי אויף שפּינוועבס־שאָטנס“. און אַלע טויערן פירן בלויז — צום טויער. און אַלץ איז אַזוי אומפאַרמיידלאַך פאַראורטיילט, פאַרגאַנגלאַך: „רעגנס רינען, טרערן רינען, ימים רינען, אַלע רינען שטיל אַוועק ווי ס׳רינט אַוועק די האַנט וואָס שרייבט די אַ קליינע בידנע ווערטער!“

„און דו אַליין דער מענטש — —
ביזט דיר אַ ליכטיק־ברענענדיקער פאַקל
צום גרויסן יום טוב פון דיין שיינעם אונטערגאַנג“.

וואָס פאַר אַ פיינלאַכע פאַטאַליטעט! און אַזאַ פאַר־

שאַלטענע אומבאַהאָלפנקייט! דערפאַר זאָגט ער:

„טרייסט איך יעדן מיט אַ טרייסט וואָס טרייסט ניט
און איך אַליין בלייב עלנט מיט מיין עלנט."

אין דער פּאָעמע: ד אָ ס ל י ד פ ו ן ב ר ו י ט מ י ט ח ל ו ם " איז קאָנצענטרירט די רייפקייט פון נאַדירן אַלס דיכטער. אַלע זיינע קינסטלערישע דערגרייכונגען האָט ער אַריינגעבליצט אין דער אומפאַרגלייכבאַרער פּאָעמע. אין דעם ווערק איז דאָ וועלט, צער, וועלט-ווייזהייט, צוזאַמען מיט אַ לייכט פלאַטערדיקן הומאָר. און עס פעלט ניט קיין שאַרפע סאַטירע אויף דער אייראָפּייאישער קולטור און אויך אויף אונז אַליין:

„מזמור שיר ליום הפינצטערניש!
עס צאָרנט גאָט און נביא, און איך וואָס רופ מיך משה נאַדיר,
צ אָ ר ן א ו י ך . . .
ווייל צאָרן איז די לעצטע מאָדע פון נביאים
און פון שלעפעריקע דיכטער.
באַטש אמת איז דאַך פאַרט, אַז שלאָגן שלאָגן מיר מזוזות
צו אַ קלויסטער־טיר . . . און ביים נאָמען פון גאָט שר צבאות
שווערן מיר „דאָס זייטל חזיר־פלייש
קאָסט אונז אַליין מיט עלף גראָשן מערער" . . .
און מיר, פאַרשטייט איר מיך, די חזיר־הענדלער
טראָגן כשר'ע קמיעות פון קאַצקער און פון טאַלנער
צו ווערדיקן דעם חזיר־האַנדל.
און קלויסטערס, וואו מזוזות הענגען . . .
„עוד לא אבדה"
ווי פידלען הענגען אויף די ווערבע־ביימלאַך
מיידלאַך, מיט בייכער שיינגעטאַקטע,
מיט קעפ פאַרוואָרפענע, פאַרקרימטע,
ווי סטרונעס פליען אום די שוואַרצע בונטן האָר,
שולמית איז אַ טויטער פידל אויף אַ בוים —
ביי די וואַסערן פון בבל.

אין דער פּאָעמע איז דאָ אוניווערסאַלער שוואונג... דער ווילן אַרומצורייפן די וועלט מיט דער מענטשלאַכער פאַנטאַזיע. אויסלייטערן דעם גרויסן וועלט־אומזין דורך דער שיינקייט פון ווערטער און קלונגשאַפט. דאָס שפּילן זיך מיט דעם ל ע ב נ ס - א ו מ ז י ן , ווערט בײַ משה נאַדירן אַליין אַ ל ע ב נ ס - ז י ן ... אַ סובלימאַציע פון דעם אייביקן צער:

„שפּיל, נו, שפּיל, דו בייזער הפקר־ווינט,
און פריי זיך!
קרייציק אונז געקרייציקטער!
אונזער אומגליק איז מיט זמירות און מנורות.
נאָר אויף אָרגלען און אויף צימבלען אויסצושפּילן!"

מיט וואָס פאַר אַ דינער שאַרפקייט ער איראָניזירט די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע, וואָס האַלט אין איין שאַפן און צעשטערן:

אונזער אויסצאַנק — אייער צאַרטער צייט־פאַרוויל, —
אין אַ וועלט, וואו אַלץ איז מיט מזרח מעוברת
און מיט מערב מפּיל.
פליִיצן אָט דערפאַר די מוטנע וואַסערן
ביי די בבל־טייכן
און שווענקען אָפּ דאָס זאַלץ פון אונזערע טרערן...
און אייביקייטן רינען שטיל און גלייך און פּיל
צום גרויסן קוואַל פון אונזער נודנער האָפנונג."

ווען מען לייענט אַזעלכע צוויי פּאָעטישע ווערק ווי „ י ע ז ו ס ע כ אָ ד " און דאָס „ ל י ד פ ו ן ב ר ו י ט מ י ט ח ל ו ם " , קען מען ניט זאָגן אַז נאַדיר איז ניט ערנסט. אַ מענטש איז פונקט אַזוי ערנסט ווען ער איז פילאָזאָפיש ציניש, ווי ווען ער איז אידעאַליס־טיש פרום... אפשר נאָך אויפריכטיקער... דער ציניקער פירט אַלץ צוריק צו דעם ע ל ע מ ע נ ט אַ ר ן , צו דעם וואָס א י ז . . . דער אידעאַליסט פירט צום קאָמפּלי־

צירטן, אויסגעטראַכטן, — צו דעם וואָס איז נאָך ניטאָ... דערפאַר טיילמאָל די אומאויפריכטיגקייט... אמת, פאַר דעם מענטשן איז פונקט אַזוי וויכטיק דאָס אויסגעטראַכטע ווי דאָס דאָאיקע. אָן אילוזיעס וואָלטן מיר ניט געקענט באַוואונדערן די זון בייטאָג, און זיך פאַרכישופן מיט דער לבנה ביינאַכט. אונזער פאַנטאַזיע וואָלט געוואָרן קראַנק און שוואַך און דאָס הארץ וואָלט אויסגעצאַנקט... אָבער דיווירקלאַכקייט האָט אויך איר רעליגיע און אירע כהנים...

משה נאַדיר איז אַמאָל טיף ערנסט, נאָר ניט מיט אַזאַ ערנסטקייט ווי מ י ר ווילן... ער איז ערנסט וועגן די גרונט פּאַטאַליזמען פון דער וועלט: פ אַ ר ג אַ נ ג - ל אַ כ ק י י ט, צ ו פ ע ל י ג ק י י ט א ו ן ט ו י ט. די טראַגישע דרייאייניגקייט צינט אין אים אָן די העלסטע פייערן — אין וועלכע ער אַליין ווערט פאַרברענט — —.

דער הומאָריסט ווערט אָפטמאָל מיספאַרשטאַנען, ווייל ער לאַכט, מיינט מען אים טוט ניט ווי... דער וואָס לאַכט קען זיין מער מענטשלאַך טראַגיש, ווי דער וואָס שטעלט אָן אַ משיח׳דיקע מינע, און טראָגט דעם וועלט טרויער שטענדיק אויף די פרומע ליפן...

נאַדיר איז מער ר י י ן קינסטלעריש ערנסט ווי זיינע קריטיקער קען איינפאַלן. אונזערע קריטיקער זיינען שוואַכע פסיכאָלאָגן, דערשנאַפּן זיי ניט זיין פ אַ ר ק ע ר - ט ע ע ר נ ס ט ק י י ט. נאַדיר האָט אַן אייגענע וועלט באַציאונג. אין זיינע צוויי גרויסע פּאָעמען — „י ע ז ו ס - ע כ אַ ד", „ד אָ ס ל י ד פ ו ן ב ר ו י ט מ י ט ח ל ו ם", — איז אפשר דאָ אַזוי פיל קלוגע ווערטער ווי אין א י ו ב, אָדער אין שאָפּענהויערס שריפטן.

יעדער עכטער דיכטער, יעדער נייער שעפער האָט זיין אייגענעם לעבנסעמפינד, זיין א י נ ד י ר ע ק ט ע פ י ל אָ ז אָ פ י ע. דער קריטיקער דאַרף זי אַרויספרעסן פון זיינע ווערק, ווי וויין פון דעם וויינטרויב, אָבער וויכטיג

איז ניט אַזויפיל צו אַ דיכטער האָט אַ גוטע פילאָזאָפיע, נאָר צו ער קען זיין פילאָזאָפיע פּראַקטיצירן אין לעבן מיט זיינע מיטמענטשן. אַלע פילאָזאָפיען אין דער וועלט, זיינען אפשר טעאָרעטיש גוט, שלעכט ווערן זיי, ווען מען הויבט זיי אָן צו פּראַקטיצירן אין דעם רעאַלן לעבן — דעמאָלט הויבן זיך אָן אַלע בייזע שטרויכלונגען....

דאָס טראַגישע אין דעם מענטשן איז וואָס טעאָרעטיש קען ער כמעט זיין פאַלקאָם און שיין... אָבער אין דער ווירקלאַכקייט איז ער דעפעקטיוו, ווי־דערשפּרעכנד, קליינלאַך, עגאָאיסטיש, גראָב, ברוטאַל, פאַלש, פאַרדאָרבן, שוואַך און אומגליקלאַך. — —

די שווערקייט אין לעבן איז צו זיין אויסגעהאַלטן. צוליב דעם דאַרף מען זיך קענען אָפּזאָגן פון זייער פיל... און זיך קאָנצענטרירן אויף איין הויפּט ציל... און דאָס איז פאַר דעם דיכטער אַזוי שווער, ווי פאַר אַלע שטאַרבלאַכע. דער דיכטער איז בלויז שטאַרקער פון אַנדערע מיט זיין וואָרט... און ווי זאָגט דער פעסימיסט אין נאַדירס פּסח־שפּיל, „דער נייער אליהו הנביא“:

„ווערטער, ווערטער מיינען גאָרניט, —
און אפילו אויף אַ האָר ניט,
ווערט אונז פון די ווערטער גרינגער
ווען עס זינגט זיי אונז אַ זינגער.“

ווייל מען האָט געקרייציקט דאָס וואָרט. דאָס היינ־טיקע וואָרט מיינט אַלץ אין דער וועלט, נאָר ניט וואָס אַ מענטש וויל אויף אָן אמת זאָגן זיין מיטמענטש... אפילו דיכטער פייניקן היינט אויסגעפייניקטע טויטע ווערטער... איינע פון די אויפגאַבן פון דעם נייעם קרעאַטיוון דיכטער, איז צוריק

ל ע ב ע ד י ק צ ו מ אַ כ ן ד אָ ס װ אָ ר ט...
און דערנערן עס מיט דעם א ו ר ק ו װ אַ ל פ ו ן
א מ ת׳ ע ג ע ד אַ נ ק ע ן א ו ן ג ע פ י ל ן...

משה נאַדירס לידער געהערן ניט צו דער קאַטעגאָריע ווי די לידער פון ראַלניק, מאַני לייב און י. י. שוואַרץ. זיי זיינען דורך און דורך ליריקער. (האַלפּערן, זישא לאַנדוי און לייוויק זיינען אויך ליריקער, נאָר זייער ליריזם איז געמישט מיט אינטעלעקטואַליזם) אין די ריין לירישע לידער פּרעדאָמינירן די געפילן און שטימונגען, בײַ נאַדירן — דער אינטעלעקטועלער בליק, דער קלוגער קאַפּריז, און דער וויציקער וואָרט־שפּיל. זייערע לידער זיינען פריער ד ו ר כ ג ע ל ע ב ט, דערנאָך ד ו ר כ ג ע־ ח ל ו מ ׳ ט. זיינע, — אפילו די בעסטע — זיינען פריער דורכגעלעבט, דערנאָך ד ו ר כ ג ע פ י ל אָ ז אָ־ פ י ר ט און א ו י ס ג ע ד י כ ט ע ט... אַמ־ בעסטן ווייזט זיך דאָס אין זיינע ליבע לידער. — ליבע איז אַ פּרובירשטיין פאַר אַ דיכטער ווי פאַר אַלע מענטשן. וואָס פאַר אַ מענטש איינער איז, אַזוי ליבט ער... — דער ליריקער איז אין דער ליבע א ו ר פּ ר י מ י ט י ו ו, פאַרלוירן, אומבאַהאָלפן, ביז נאַרישקייט; אָבער אַלעמאָל אין עקסטאַז... אויב אַנטוישט, ליידט ער ביז וואַנזין. פרייד דערגייט בײַ אים ביז פּיין. צער, ביז דעלירי און רעליגיעזיטעט. אָבער אין נאַדירס לידער איז דאָ די אָפּגעקילטע קלוגשאַפט פון דעם ראַפינירטן ציניקער — די וויציגקייט און ניכטערקייט פון דעם דערפאַרענעם מאַן:

„זע, מאַריושא:
גאָלד טוט וואַקסן אויף די פּלויטן,
אַרבוזן זיינען פול מיט קערלאַך,
ווי דאָס האַרץ איז פול מיט —
איך ווייס אַליין נישט וואָס.
מיין פאַרמעג איז אַלץ —
ווי ווייט די אויגן זעען. אַ חוץ:

א פעסל מאַרינירטע אייערנעכטנס,
מיט א טערקיש ביסל קאַווע
און הייסע פערד. — —
איצטער קומט די ליבע!"

באַ דעם ליריקער איז די בענקשאַפט נאָך ליבע פאַרבונדן מיט דער אייביקער מיסטעריע פון באַשאַפונג און פרייד. נאַדיר זעט אפילו אין דער ליבע, בלויז איינע פון די בלענדיקע שפּילערייען צו פאַרטרייבן די לאַנגוויילִיגקייט פון דעם זינלאָזן לעבן:

„זיך באַ'איד'ן
מיט אַן עלטערער פון זיך
בלאָנד און בלייך
מיט צעפּ ווי שטריק אויף
צו דערוואַרגן אַלע איצטערטאָס.
און קענען דאַרף זי קענען גוט
די טשעפּעניטעס
פון ליבע און פון דינער וועש.
טראַכט איך: גוט.
טראַכט איך: נישט גוט.
און טראַכט איך: פריש און זאַמדיק
מיט ווייבערשע לאַזגעמאַכלאַך.
(זאָל דאָס זיין די ליבע?)
די ליבע, די ליבע, אודאי די ליבע,
נישט אַנדערש, נישט אַנדערש, ווי טאָקע די ליבע.
באַזונגענע — קלונגענע
זיסינקע־מיסינקע,
טייערע ליבע!
מיט פרישטשעס ווי בלימלאַך, פאַר דרשה געשאַנק,
מיט וויין אינם האַלז,
מיט בראַנפן אין בלוט,
מיט שטורקאַצלאַך קליינע
ווי חנוכה־ליכט. —

דעם ליריקער פירט די ליבע צו איבערמענטשלאַ־כער דערהויבונג. ביי נאַדירן פירט די ליבע בלויז צום שלאָף־טעמפּל — — דערפאַר קלינגען אין זיינע ליבע לי־דער טענער פון א י ר אָ נ י ע און פּ אַ ר אָ ד י ע. אפילו דאָס אייביק מאַנלאַכע מאַכט אים ניט פאַרגעסן אָן זיין איקאַנאָקלאַסטישער קלוגשאַפט. ווייל ווען ער שרייבט פון ליבע, האָט ער די קאַלטע רואיגקייט און ניכטערקייט אויסצוטראַכטן אַזעלכע אויסטערלישקייטן:

„מיט פליימן פון קוימענס באַלעבלט צום ווינט,
גייען מיר אַלע פאַרבלענדטע און בלינד,
קריכן מיר בלויז אויף אַ העלפט פון פיר פיס,
און לאַכן מיט כליפּיקע בת־קול׳ס אין קול
און וויינען אריין אינם גרויסן געוויין,
וואָס ווערט נישט געוויינט.
הורא־רא־רא, הורא־רא־רא,
די ליבע, די ליבע,
הור־הור־רא־רא!“

נאַדיר קען אָבער אויך ניט שטענדיק איראָניזירן און זיך וויצלען איבער ליבע. אמת, ער פאַרוואַנדלט אַלץ אין אַ טעאַטער־שפּיל פון ווערטער, אָבער אַמאָל דערפילט מען טיפע עראָטישע וואונדן אונטער זיינע דינע ווערטער קליידער... ער זאָגט אַליין: „ווערטער זיינען גאָלדענע שאָלעכץ, אויף ווערימדיקע ליידיגקייטן.“ און נאָך דעם ווי ער האָט זיך שוין אָפּגעשפּילט מיט אַזעלכע דערפינ־דענע שיינקייטן:

„טראָגסט ארום שיר־השירים שוועבלאָך
אונטער דיינע רויט פאַרבלוטיקטע פליגל“.

אָדער ער גיט אַזאַ מאָדנעם שפּרונג, זאָגט, מיר זיינען אַלע „גוסס׳דיקע פורים־שפּילער“, און פאַרענדיקט:

„היינט איז נעכטן, מאָרגן איז אויס.
שענקט מיר אַ חלום און וואַרפט מיך ארויס.“

נאָך דעם ווי ער האָט זיך אַליין אַ נ ט ב ל ע נ ד ט

מיט זיין סקעפּטישער קלוגקייט, עפנט זיך אַ טיפע וואונד און ווייטאָגט אויס אַזאַ ליד:

„אָ, דו און איך.
יאָ, דו און איך.
מיין שנאה רינט צו דיר אין רויטע רינוועס.
און גרויס איז זי —
ווי גרויס עס איז דעם מענטשנס קליינע אייביגקייט.
און הייס איז זי —
ווי הייס עס איז דאָס סאַמע האַרץ פון פרעסנדיקן פייער.
און שפּייען — שפּיי איך אויס די ליפּן מיינע,
וואָס קושן דיינע בריסט ביז דער מאָרגנשטערן גלאַנצט.“

דאָ האָבן מיר דעם צער פון עראָטיק. דער מאַן האָט ליב, און אין דער זעלבער צייט פיינט די פרוי וואָס רייצט אים אָן צו דער ליבע. דער מיסטעריעזער פּאַראַדאָקס: ליבע רופט אויך אַרויס שנאה. „יעדער מענטש טויט וואָס ער ליבט“, זאָגט אָסקאַר ווײַלד. אין זיין אונטער־באַוואוסטזיין פילט דער מאַן אַ שנאה צו דער צויבערין, וואָס מאַכט ער זאָל זיך ציען מיט אַן אומווידערשטייענ־דיקער ליידנשאַפט צו דעם פייער אין וועלכן ער ווערט פאַר־ברענט. ווייל מיט דעם זעלבן וועג וואָס די ליבע פירט צום לעבן, פירט זי אויך צום טויט...

דאָך איז די ליבע דאָס בעסטע, דאָס שענסטע, דאָס טייערסטע וואָס מיר האָבן אויף דער וועלט. ליבע גיט אונז מער פרייד ווי די שענסטע קונסט. מער טיפקייט ווי די טיפסטע וויסנשאַפט. מער דערהויבונג ווי די העכ־סטע פילאָזאָפיע. מער שיינקייט ווי די שענסטע פּאָע־זיע. מער עקסטאַז ווי די נאַטור אַליין פאַרמאָגט...

נאַדיר צינדט זיך אַמאָל אויך אָן מיט עראָטישן עקס־טאַז. דעמאָלט קען דער ווינט פון זיין סקעפּטישן שכל ניט אויסלעשן דאָס פייער פון האַרץ. אין זיין ליבע געזאַנג, וואָס ער רופט: „קאָראַס ליד“, ראַנגלט זיך פון אַנהויב דער אינטעלעקט מיטן געפיל:

„דיין וואָרט איז געהילט אין דינקייט פון שאָטנס,
וואָס זיינען קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געווען."

איז דאָ אומגעווייגלאַכע שיינקייט, אין דער ערשטער שורה, אין דער צווייטער, איז נאָך דער אינטעלעקט צופיל זיגער... מיט זיין שאַרפקייט פאַרשניצט ער די שאָטנס אַזוי דין, אַז מען קען זיי מער ניט פילן... מען מוז וועגן זיי טראַכטן... ווייל נאַדיר האָט זיי צוגעטראַכט..

„רויזען רעגענען פונם הימל
פאַר אַלע וואָס חלומ'ען רויזן."

האָט אַ באַזונדערן חן, אָבער איז צו אַפאָריזמאַרטיק פאַרטראַכט פאַר אַ ליד. דאָס געפיל הויבט ערשט אָן צו ריידן אין די שורות:

„דער דאָרן ריץ טוט נישט וויי,
ווען דאָס אַרויסגעריסענע בלוט
איז אַ שנור קרעלן אויף אַ קושנדיק לייב.

איך אינגאַנצן בין דיין קוש, אָ, אַמנאָן!
אין פאַרלנגעשטיקטע שיך קום איך צו דיין געלעגער, געליבטער.
מיינע צוויי ליכטיקע טויבן
פליען דיר אנטקעגן.

אַ גרינסאַמעטענע לבנה
טראָג איך אויף מיינע טיציאַן־האָר. —
אַ קרוין פאַר קעניגלאַכער בענקשאַפט.
איינגעשלאָסן בין איך
אין דעם גאָלד־פאַנצער פון דיין ליבשאַפט, אָ, אַמנאָן!"

דאָ הערן מיר די שטים פון ליבע, ניט בלויז דורך די ווערטער, נאָר דורך די פּאַוזן... דאָס גיכע אָטעמען פון האַרץ דערפילן מיר דורך די קאָמאַס און פונקטן:

„נעכט, אָדער נישט נעכט,
טעג, אָדער נישט טעג, —
וואָס גייען זיי מיך אָן, אָן דיר?"

דאָ איז ער שוין פריי פון קינסטלערישער באַפּוצונג. דאָ רעדט דער געפיל אַליין... שטאַמלענדיג, אומבאַהאָלפן, דורך איינפאַכע ווערטער... וואָס זאָגן מ ע ר ווי די ווערטער... דער שכל האָט זיך אינגאַנצן אונטערגעגעבן און געלאָזט דעם געפיל פריי אַרויסזינגען דעם אומענדלאַכן פאַרלאַנג, די אייביקע בענקשאַפט נאָך שיינקייט... וואָס איז דער קוואַל פון יעדער עכטער פּאָעזיע.



## נאַדירס דראַמען

„ווי אַזוי שרייבט מען אַן ערפאָלגרייכע פּיעסע?
מען שרייבט אַ פּיעסע, וואָס איז ענלאַך צו דער פריערדיגער פּיעסע, וואָס איז געווען אַן ערפאָלג. אָבער דער עולם וויל ניט קיין געמאַכטע ערפאָלגן — ער וויל זיי אַליין מאַכן, מיט די אייגענע הענט, אָדער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער מאַכט זיי! וואָרים אין טעאַטער איז יעדער אַ פאַרשטעלטער, אפילו דער עולם.“

אַלס דראַמען־שרייבער ווייזט נאַדיר אַרויס די זעלבע ליכטיקייט און שאַטנדיקייט ווי אין זיינע אַנדערע שאַפונגען. דורך דער דראַמאַטישער פאָרים גיט ער זיין וויגנדיקע באַציאונג צו וועלט און מענטשלאַכקייט. סאַטיריזירט אַלטע פאָרמען. לאַכט אויס אָפּגעלעבטע אידייען. ווייזט די צעריסענע זייטן פון לעבן... ווי נישטיק זיינען אונזערע אָפּגעריבענע אינסטיטוציעס, ווי קליינלאַך און נאַריש זיינען אונזערע פירונגען. נאָר כאַראַקטערן, וואָס זאָלן האָבן ענלאַכקייט צו רעאַלע מענטשן, האָט ער ניט באַשאַפן. ער האָט זיינע העלדן ניט געגעבן קיין זעלבסטשטענדיקן לעבן... זיי עקזיסטירן ,כדי זיי זאָלן זאָגן די חכמות און וויצן וואָס דער אויטאָר האָט זיי געהייסן. זיי זיינען פייאיקע פעליעטאָניסטן... רעדן אַזוי קלוג און וויציק ווי נאַדיר אַליין...

## קלויסטערבערג

„קלויסטערבערג“, איז איינע פון נאַדירס ערשטע דראַמאַטישע שאַפונגען. אפשר דערפאַר זיינען די געדאַנקען דאָרט אַזוי נאַקעט. זיין פאַרביטערונג קעגן דער וועלט איז נאָך דאַן געווען אין אַן א ו מ ג ע ל י י ט ע ר ט ן צ ו ש ט אַ נ ד. די ווערטער גליטשן זיך ניט ווי דינער שניי אויף אייז, זיי פאַלן ווי אַ שווערער האַגל אין אַ קילן טאָג:

„ווען איך וואָלט געווען אַ גאָט, אַנדרא, וואָלט איך אַראָפּ־

געלאָזן אויף דער ערד אַ רעגן פון נאַפט און וואָלט אים גע־לאָזט אַזוי גיסן עטלאַכע טעג נאָכאַנאַנד. נאָכדעם וואָלט איך אַרונטערגעוואָרפן עטלאַכע יונגע בליצן און אונטערגע־צונדן די ערד פון ביידע זייטן.״

דאָ רעדט שוין צו אונז די מיסטישע פעסי... פאַר־צווייפלונג, — נאָר זי איז נאָך ניט באַקלייט אין דעם פילפאַרביקן זייד פון זיין איצטיקן סטיל, ניט באַצירט מיט זיינע שלאַנגיק בויגיקע פּאַראַדאָקסן. זיין געדאַנק גייט נאָך אין אַ גלייכע ליניע, ווי אַ פרישע וואונד פון אַ שאַרף מעסער... זיין אויפריכטיגקייט לייכט זיך דורך אַזוי שטאַרק, ווי אַ ליכט דורך לויטער גלאָז. ער זאָגט למשל, אַרוים אַזאַ אָפנהאַרציקייט:

„מיין ערשטע ליבע האָט געגעבן דעם טאָן צו מיין גאַנצן לעבן.״

זיין נייגונג צו נוליזירן די וועלט האָבן מיר שוין אין דעם אַפאָריזם:

„דער שאָטן פון דעם מענטש איז אמת׳ער ווי דער מענטש אַליין.״

אין דער דראַמע זיינען שוין דאָ אַלע עלעמענטן פון זיין לעבנס עמפינדונג. זיין טענדענץ אַלץ צו פאַרניינען, — ווייזן ווי שוואַך דער מענטש איז — האָט ניט קיין אייגענעם ווילן:

„אונזער ווילן איז ניט אונזערער. מיר מוזן ענטווידער עמיצן נאָכגיין, אָדער פון עמיצן געטריבן ווערן.״

ער האָט שוין דעמאָלט פאָרויסגעשיקט דעם געדאַנקען שטראַל וועגן דער באַגרעניצטקייט פון דעם מענטשנס כחות. אַז דעם מענטשנס וויסן, איז ווי אַ קליינער פונק אין אַ גרויסן באַרג אַש:

„די וועלט איז אַן אויסטערליש בוך, וואָס מער מען ליי־ענט עס, אַלץ ווייניקער פאַרשטייט מען עס. און מיר זיינען די נאַרישע אותיות וואָס ווילן זיך אַליין איבערלעזן.״

זיינע העלדן פילאָזאָפירן און באַטאָנען די מענטשלאַכע בלינדקייט:

ס א ר ו ו י : אַ מענטש ווייס גאָר ניט.
ו ו ע נ י ש : גאָרנישט ווייס דער מענטש.
א נ ד ר א : אונזערע אויגן זיינען זעענדיק, אָבער דער, וואָס זעט אַרויס פון אונזערע אויגן, איז בלינד.״
ס א ר ו ו י : מיר זיינען אַלע בלינדע.

און ווייל מיר זיינען בלינד, איז אונזער לעבן אַן אויסגעצויגענער אומזין, דעריבער, ווען אַ מענטש וויל טאָן גוטס, איז ער ניט זיכער, צי פון זיין גוטסקייט קומט ניט אַרויס קיין בייז... עס קען זיין, אַז אַלע מענטשן מיינען טיף אין הארצן צו טאָן בלויז גוטס, — פונדעסטוועגן קומט אַרויס אַזוי פיל שלעכטס — — דער מענטש איז דער קעגנזאַץ פון געטעס טייוול. דער טייוול זאָגט:

איך בין אַ טייל פון יענער קראַפט, וואָס אימער דאָס בייזע וויל, און אימער דאָס גוטע שאַפט.

דער מענטש איז אַ קראַפט וואָס וויל אַלעמאָל דאָס גוטע, און שאַפט דאָס בייזע. ווייל ער איז בלינד און ווייסט ניט וואָס ער טוט... פונקט דאַן, ווען ער דאַרף אַמנויטיקסטן הערן, ווערט ער טויב... ווען מען נויטיקט זיך אַמשטאַרקסטן אין זיין גוטסקייט ווערט ער שלעכט... ווען אַ מענטש וויל זיך אויפהויבן גאָר הויך, זינקט ער אין אָפגרונט. נאַדיר מאַכט איינעם פון זיינע העלדן דערציילן אַזאַ מעשה:

„אַמאָל איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ. האָט ער ניט געקענט צוזען די ליידן פון זיינע אָרימע ברידער. איז ער אַוועק אין ברעג שטאָט, לעבן דער גרעבליע און זיך אַ ביידל אויסגעבויט און זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן מיט וואָס ער קען העלפן זיינע אָרימע מיטמענטשן. און כדי צו קענען רואיק טראַכטן פון זיין הויכן אידעאַל, האָט ער פייער צעלייגט

אין קאַמין, און אין דער צייט וואָס ער איז געזעסן אין דער איינזאַמקייט און געקלערט ווי אַזוי צו ראַטעווען זיינע מיט־מענטשן, זיינען דערווייל די פונקען געפלויגן און אונטערגע־צונדן דאָס גאַנצע שטעטל. און מענטשן זיינען ווי פּאַרסאַמטע מייז פון וואוינונגען אַרויס און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געשריען געוואַלד. און קינדער־ביינער האָבן געקנאַקט אין דעם פייער און משוגע געוואָרענע אויגן האָבן די שׂרפה אויפ־געכאַפּט און מיט איר אַרומגעלאָפן איבער אַלע פּוסטע וועל־דער. אָבער דער מענטש מיטן גרויסן האַרץ, וואָס האָט געוואָלט ראַטעווען די וועלט, איז זיך רואיק געזעסן ביים קאַמין און געוואָרפן אַ שייט האָלץ נאָך אַ שייט האָלץ".

און דער העלד פאַרענדיקט:

„און דער מענטש מיטן הויכן אידעאַל איז זיך געזעסן ביים פייער און זיך געוואַרימט די פּלייצע און פון די פונקען פון זיין קאַמין פייער האָט זיך אַ וועלט אָנגעצונדן. אָבער וואָס ווייס אַ מענטש?"

אַ סך אומגליקן קומען פון דעם, וואָס איין מענטש קען זיך נאָך ניט צעגויפריידן מיטן צווייטן... אַלע שפּראַכן אין דער וועלט זיינען ניט גענוג אַ מענטש זאָל גרינדלאָך פאַרשטיין זיין חבר... ווען מענטשן וואָלטן זיך געקענט פאַרשטיין דורך מוזיק, וואָלטן אפשר פילע טראַגעדיעס פאַרמידן געוואָרן. וואָס אײדעלער אַ מענטש איז, אַלץ מער נוצן אים זיינע מיט-מענטשן אַלס ציל-ברעט פאַר זייע־רע גיפטיקע פיילן... און אַלץ רייכער ווערט ער אין וואונדן... .

היינט רייסט נאָדיר ניט אויף מיט אַזאַ אימפּעט די וואונדן פון דער וועלט. ער האָט זיך שוין צו זיי צו־געוואוינט. זיין גייסטיקער סם איז היינט געמישט מיט טינט, מיט וויין, מיט פאַרב מיט באַרואיקונגס מעדיצין... אויב ער ערגערט זיך היינט וועגן עפּעס, איז עס קינסט־לעריש, ליטעראַריש — אַ טעמע..

## די טראַגעדיע פון גאָרנישט

זיין „טראַגעדיע פון גאָרנישט" האָט מיך גאָרנישט באַגייסטערט... דו גוטע איינפאַלן וואָס ער האָט דאָרט אריינגעהאַפּטן, זיינען מיר שוין געפאַלן אין זיינע פריער־דיקע שרייבונגען... די נייע חכמות וואָס ער האָט אויפ־געבלאָזן, רייצן צופיל דעם אומראַפינירטן געפיל, מען זאָל קע־נען פון זיי אַ פיינע הנאה האָבן. צו שפּיציק פאַרשפּיצט. נאָ־דיר קליגלט דאָ אַליין איבער נאַדירן... אַז אַ קונסט באַשעפעניש זאָל זיין גוט, דאַרף עס האָבן כאָטש אַ געוויסע מאָס איינ־פאַכקייט. אַ ניואַנס פון דער קינסטלערישער פשוט'קייט. און דאָס פעלט אין דער „טראַגעדיע פון גאָרנישט". האָט זיך געלוינט אויפצושרייבן די זאַך, צוליב אַזעלכע וואָרטשפּילערייען:

„פרויען זיינען מוטערס פון אַלע קינדער,
מענער זיינען פאָטערס בלויז פון זייערע אייגענע."

זיין ווילן צו באַווייזן אַז אַלץ איז אַ פּלאָנטער פון גאָרנישט. און די געטער, די מענטשן, דער גאַנצער אוני־ווערס ליידט פון דעם גאָרנישט, באַווייזט גאָרנישט, אויסער: אַז פון גאָרנישט קען מען אפילו קיין טראַגע־דיע ניט מאַכן...

נאַדיר אַליין האָט מיר אָבער אייניקע מאָל געזאָגט אַז ער האַלט „די טראַגעדיע פון גאָרנישט", פאַר איינע פון זיינע בעסטע שאַפונגען, און וועגן זיין באַדייטנדסטע פּאָע־מע: „דאָס ליד פון ברויט מיט חלום", זאָגט ער, אַז ער געדענקט עס אפילו ניט...

זיין קאָמעדיע „סוקסעס", וואָס איז אַזוי קליינמוטיק און בייזווייליק אַרונטערגעפליקט געוואָרן פון אונזערע צייט־טונגס קריטיקאַנטן, ברענגט אַ גערעכטן אָנקלאַג קעגן דער אַלטער אומזיניקער דאגמע: אַז אַ טויטן קינסטלער דאַרף מען באַהאַנדלען מענטשלאַכער ווי אַ לעבעדיקן. אים

געבן כבוד ווען ער דאַרף שוין ניט, אַרויסווייזן צו אים ליבע, ווען עס איז שוין צו שפּעט — ווען ער ליגט שוין אין קבר...

## דער לעצטער איד

דאָס בעסטע פון נאַדירס דראַמאַטישע שאַפונגען, איז זיין קאָמעדיע: „דער לעצטער איד". פאַראַן אין איר אַ וויכטיקע אידייע. ער וויל אונז ווייזן אַז די וועלט לעבט אין דעם אידנס זכות. די אידן האָבן דער וועלט געגעבן אַן עטישן זין פאַרן לעבן. דער איד איז דער גייסטיקער מיטלפונקט אַרום וועלכן עס דרייען זיך אַלע וועלט סודות.

ווי אַזוי ווייזט ער דאָס?

ער שטעלט פאָר ווי די וועלט איז מיטאַמאָל גע־וואָרן קלוג און אויסגעהרגעט אַלע אידן. די וועלט האָט געמיינט, אַז דערמיט וועט זי דערלייזט ווערן. דער האַנדל וועט ווערן בעסער — מען וועט ניט קיין מורא האָבן פאַר אידישער קאָנקורענץ. די וויסנשאַפט וועט מער פּראָגרעסירן,. די רעליגיע וועט זיך צעבליען. ווייזט זיך אַרויס, אַז אָן אידן ווערט דער האַנדל שוואַכער, די וויסנשאַפט איז הינטערשטעליק, די רעליגיע פאַרלירט דעם זין... ווייל עס פעלט דער געוויסן פון דער וועלט — דער איד.

נאַדיר ווייזט ווייטער: קומט צו אַ רעוואָלוציע, ווערט די וועלט אומבאַהאָלפן, אָן אידן. די רעוואָלו־ציאָנערן ווייסן ניט ווי אַזוי צו פירן די רעוואָלוציע, די רעאַקציאָנערן ווי אַזוי צו מאַכן אַ קאָנטר רעוואָלוציע. עס ווערט אַ כאַאָס. די וועלט גייט אויס נאָך אַ אידן. פּאַסירט אַ נס: אַ איד גראָבט זיך אַרויס פון קבר, קומט צוריק צו די לעבעדיקע און ברענגט ווידער אַריין אַ זין אין דער וועלט. די רעאַקציע קומט צו אים פרעגן עצות ווי אַזוי צו באַקעמפן די רעוואָלוציע. די רעוואָלוציאָנערן

ווי אַזוי זי צו פירן. די וועלט מיינט, דער איד וויים אַלע סודות פון לעבן. דער איד דאַרף נאָר געבן אַ פינטל מיטן אויג, ווערט ליכטיק, אַ מאַך מיט אַ פינגער ווערט פינסטער. וויל דער איד, פאַרשפּילט מען מלחמות, וויל ער — געווינט מען.

וואָס פאַר אַ פיינע סאַטירע אויף דער וועלטס אבער-גלויבן וועגן דעם אידנס אַלוויסנקייט איז דאָ אין דער סצענע צווישן גענעראַל און דעם לעצטן איד (ווען ס'איז געלונגען זיך אַרויסצוגראַבן פון קבר) אין צווייטן אַקט.

ג ע נ ע ר א ל (אָנגעטאָן אין אַ מורא'דיקן פאַנצער): איצט וויל איך מיט אייך ריידן וועגן זייער וויכטיקע זאַכן: וועגן דער קאָנטר־רעוואָלוציע, פון וועלכער איר דאַרפט זיין דער פירער. אָט איז דער גאַנצער פּלאַן, אָט זיינען די לאַנד־קאַרטעס. (דער איד ציטערט אויף).

ג ע נ ע ר א ל (אָנווייזנדיק אויף דער לאַנדקאַרטע): איר זעט? דאָס איז די שלאַכטפעלד, לינקס איז דער טייך, און אָט דאָ־אָ איז דער וואַלד; און דאָ־אָ שטעלן מיר אוועק אונזער אַרמיי. די ערשטע רייען שטייען אָט דאָ־אָ. האָ, ווי מיינט איר? זאָלן מיר אַוועקשטעלן די ערשטע רייען דאָ צי דאָרט? ווי זאָגט איר?

א י ד (קוים וואָס ער זשיפּעט): איך ווייס ניט, כ'לעבן!

ג ע נ ע ר א ל: בראַוואָ! אַלזאָ איצט וועגן די צווייטע רייען. נאָר פריער דאַרף מען באַשליסן וועגן די הויזן. וואָס פאַר אַ הויזן, מיינט איר, זאָל אונזער אַרמיי טראָגן? — רויטע צי בלויע? צי אפשר גאָר גרויע? רויטע וואָלט געווען גוט, איז אָבער שלעכט וואָס די פאַרב איז צו רעוואָלוציאָנער. גרוי איז אַביסל צו... מיינט איר ניט אַזוי? איז אפשר בלוי, צי גרין? וואָס זאָגט איר: בלוי צי גרין?

א י ד (שוואַך): לאָז זיין גרין.

ג ע נ ע ר א ל: גוט. מאַכן מיר עס אַזוי. איצט איז די פראַגע וועגן די טרופּן: זאָלן מיר שיקן די אינפאַנטעריע, צוערשט, צי די קאַוואַלעריע אָדער גאָר די אַרטילעריע?

א י ד: וואָס איז דער חלוק?

ג ע נ ע ר א ל: בראַוואָ! „וואָס איז דער חלוק?". דאָס הייסט, אַלזאָ, אַז איר הייסט שיקן אַ דריטל קאַוואַלעריע, אַ דריטל אינפאַנטעריע און אַ דריטל אַרטילעריע. גוט, מיר וועלן אַזוי טאָן. איצט איז די פראַגע וועגן קאַנאָנען: מיינט איר, אַז די 48־ער וועלן זיין גענוג, צי זאָלן מיר נעמען 49־ער? צי אפשר 50ער?

א י ד: וואָס איז דער חלוק?

ג ע נ ע ר א ל: בראַוואָ! מירן אַזוי טאָן. אַדיע! און פאַרגעסט ניט: מילעד, הייסע מילעד! (אָפּ).

די וועלט ווייסט ניט ווי שוואַך און ווי שטאַרק מיר זיינען — און אין דעם ליגט אונזער טראַגישע שטאַרקייט...

די וועלט ווייסט אָבער ניט, אַז אָן אונז וואָלט זי ניט געקענט עקזיסטירן. ווען זי זאָל אומברענגען דאָס אידישע פאָלק, וואָלט אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט פון דער גייסטיקער וועלט. ד ע ר  ו ו ע ל ט  ג ע־ ו ו י ס ן . . . מענטשן וואָלטן זיך אפשר געקוילעט אין די גאַסן.

„דער לעצטער איד" איז מער ווי אַ לייכטער שפּיל. פון דער סאַטירע וואַקסט אַרויס אַ  נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר  ס י מ ב אָ ל, וואָס איז פיין געגעבן.

די פאַרשטייער פון די פעלקער קריגן זיך, האָבן ניט קיין עטישן פּרינציפּ, וואָס זאָל זיי פירן צו האַרמאָניע. דער סוף איז: זיי כאַפּן זיך פאַר די גאָרגלען און דערשטיקן זיך איינע די אַנדערע. ווען זיי בלייבן ליגן אין דער פינצטער, קומט דער איד אַרויס אויף דער בינע מיט אַ ליכט אין האַנט און זאָגט:

„איר הערט מיך נישט, אָבער איך לע־ב!"

דאָס איז דער הויפּט זין פון דעם סאַטיריש סימבאָלישן שפּיל:

דאָס אידישע פאָלק איז אַנטקעגן די איבעריקע פעל־

קער שוואַך, אָבער זיי די שטאַרקע, קענען זיך אָן אונז די שוואַכע ניט באַגיין. ווייל מיר האָבן אַן אַנדער שטאַרקייט, אַ העכערע, אַ גייסטי־קע — אַן אייביקע — —

— אין דער דראַמע : „אונטערן לאַסט פון צלם“, וואָס נאַדיר האָט געשריבן צוזאַמען מיט משה לייב האַלפּערן, אַנטוויקלט ער ווייטער דעם איד־גוי פּראָבלעם —

דאָס פעלערדיקע אין „דעם לעצטן אידן“ איז : צופּיל וויצן ווערן אין איר ווידערהוילט און עס ווערט באַנוצט צופּיל קאַריקאַטור. אָבער אַ גרויסע אידייע איז דאָ אין דעם טרויעריק קאָמישן שפּיל...

ער האָט זיך געפוילט די קאָמעדיע בעסער צו באַ־אַרבעטן, — נאַדיר פוילט זיך שלייפן זיינע זאַכן — אויסטראָגן זיי ביז קינסטלערישער רייפקייט. אַ גרויס ווערק איז ניט קיין נס, נאָר איז פאַרבונדן מיט אַ סך אַרבעט און געדולדיקן אויסדויער. ווען נאַדיר וואָלט זיך ניט אַזוי געאיילט, זיינע שאַפונגען מער אויסגעוואַרימט אין זיין בלוט, וואָלטן זיי געוואָרן גאַנצער, פאַרענדיקטער... דערצו פעלט אים דער קרעאַטיווער ווילן — ער האָט בלויז קרעאַטיוון קאַפּריז... אָבער די קאָמעדיע „דער לעצטער איד“ האָט אַ וויכ־טיקן ווערט אַזוי ניט פאַרענדיקט ווי זי איז. ווייל זי האָט אין זיך וועלטלאַכעם : זי איז פריי פון דעם אידישלאַכן לאָקאַליזם. נאַדיר האָט דאָ אַוועקגעשטעלט די אידן פראַגע אַלס אַ וועלט פּראָבלעם. געוויזן אַז מיר געפינען זיך אין צענטער פון דער וועלט. אַז די וועלט דאַרף אונז ווי מיר דאַרפן די וועלט. דערמיט העלפט ער די אידישע ליטעראַטור זיך צו באַפרייען פון באַגרעניצט־קייט און ווערן וועלטלאַך — אַלוועלטלאַך.

אין „דעם לעצטן איד“ איז שוין דאָ אַן אָנהויב אויף אַ אוניווערסאַלער אידייע.

# דער נייער אליהו הנביא

אין זיין דראַמאַטישער פּאָעמע : „דער נייער אליהו הנביא" וואָס איז געווען געדרוקט אין דער „פריי-הייט", זעען מיר אַלע פאַרוואַנדלונגען, וואָס נאַדיר האָט דורכגעמאַכט אין דעם גאַנג פון זיין שאַפן. אין דער דראַ-מע זיינען ניטאָ אַלע זיינע קינסטלערישע דערגרייכונגען, ווי אין זיין פּאָעמע: „דאָס ליד פון ברויט מיט חלום". דאָ זעען מיר בלויז די אָפּדרוק צייכנס פון זיינע ליטעראַרי-שע טריט. ער וויל מער ניט אויפרייסן דעם וועלט-בלאָ-טער. ער ווייסט שוין, אַז די וועלט געשווירן זיינען אַזוי אייביק ווי די אייביקייט אַליין... אַנשטאָט זיי אויפ-רייסן, לייגט ער צו קליינע, קילע פלאַסטערלאַך. גלעט זיי, צערטלט זיי, מיט אַ לייכטער האַנט. ווי ער וואָלט זאָגן: זיך ניט געשראָקן, מען קען לעבן מיט זיי. און לאַכן פון זיי... ער גיט אפילו אָנצוהערן:

„אַ נייעם סדר דאַרף די וועלט — דער אַלטער איז פאַרעלטערט."

און פאַרענדיקט מיט אַ שוואַכער שורה — צוליב דעם גראַם —

„דער גוטער ווייַן אין שלעכטע קעלערס איז געקעלטערט."

דאָס באַווייזט אַז דער ענין גייט אים ניט שטאַרק אָן... זיין ציל איז צו זאָגן וויציקע ווערטער :

מען דאַרף זאָגן וויצן און אויסקריצן שפּיצן\
פון ווערטער פאַרקרימטע מיט קרומלאַכע אויגן,\
מ'דאַרף צילן דעם בויגן\
אין פּלעקער, אין קלעצער.\
אין זומפּיקע פּלעצער\
און לערנען זיך שיסן.\
לערנען פאַרמיאוסן\
דעם מיאוסן — דאָס מיאוסע.

דעם זיסן — דאָס זיסע.
דעם נודנעם — דאָס נודנע.
מ'דאַרף שמירן דעם הינטן מיט פּוטער און מאַכן
אַז יעדער וואָס האָט נאָר לעפּצן זאָל לאַכן.
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי־כי.

דעם סדר קען מען איבערדיכטן, שאַפֿן פֿון אים אַ וואונדערלאַכן ספּעקטאַקל, פֿאַרוואַנדלען דאָס טראַדיציאָנעלע רעליגיעזע אין פּאָעזיע. אָבער צו דעם איז נויטיק אַ שטאַרקערע ערנסטקייט. מען דאַרף וועלן פֿאַרכישופֿן די וועלט. ווייזן איר דורך דער סדר נאַכט, טויזנטער יאָרן אידישע געשיכטע, אידישע מאַרטירערשאַפֿט, אידישן קאַמף, און אידישע האָפֿנונג... און צו דעם זיינען ניט גענוג שיינע, בלענדיקע פֿאַראַדאָקסן, און ווערטער שפּילערייען, נאָר װ ע ל ט װ י ז י אָ ן , װ ע ל ט ד ע ר ה ו י ב ו נ ג ... דער ווילן גייסטיק אִ י ב ע ר־צ ו ש אַ פֿ ן ד י מ ע נ ט ש ן ... אָבער דאָס קען מען ניט טאָן ווען מען קליגלט זיך מיט אַזעלכע איבערגעשפּיצטקייטן :

„אַז מ'עסט כסדר צימעס,
ווערט דער צימעס אויכעט נמאס.
האָט דאָס אויכעט ניט קיין צוועק,
קומט אוים סיידן עסן —"

פֿאַראַן אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע איינגעגעבענע שטעלן, נאָר אַלס גאַנצע, פֿירט זיך צו גאַרנישט. אויסער — צו ווערטלאַך. עס פֿעלט האַנדלונג, דראַמע איז אַלעם ערשטן ק אָ נ פֿ ל י ק ט , דאָרט וואו עס זיינען ניטאָ קיין העלדן וואָס האַנדלען, איז ניטאָ קיין דראַמע. נאָדיר האָט דאָ בלויז אויסגעטראַכט פֿיגורן כדי זיי זאָלן רעדן פֿאַר אים :

זיין פעסימיסט זאָגט:

„אייער קאַמף פאַר ברויט מיט שמאַלץ,
קריכט שוין איינעם פון דעם האַלז...
עסן, עסן, מאַכן מיסט...
ברידערלאַך, איר קעמפט אומזיסט.“

ווי אין אַלע נאַדירס שרייבונגען זיינען דאָ אויך פאַראַן געלונגענע אַפאָריזמען. ער זאָגט: „אַן אמתער חכם לערנט ניט אַנדערע, נאָר זיך אַליין“. אָדער „שלאַנגען און פרויען טאָר מען ניט געטרויען.“ אָט ווידערשפּרעכט ער שעקספּירן. „שוואַכקייט, דיין נאָמען איז פרוי“ — זאָגט שעקספּיר; נאַדיר זאָגט: „שוואַכקייט איז דער שיינקייטס כח.“

יאָסל קאָטלער האָט געשריבן אַ פּאָר טרעפנדיקע ווערטער וועגן נאַדירן, צו זיין יובּיליי. „נאַדיר, זאָגט ער, פאַראיינפאַכט יעדע זאַך, וואָס מען מיינט, אַז ס׳איז שווער. ער עפנט די שווערסטע שלעסער מיט אַ האָרנאָדל.“

דאָס קענען פאַראיינפאַכן איז נאַדירס צויבערמיטל. דאָס איז זיין ניואַנס וואָס ער גיט צו צו די ערשיינונגען... דעם אַבּסטראַקטן באַגריף אייביקייט לייגט ער זיך אוים אויף זיין אייגענעם פשוטן אופן:

„עס איז די אייביקייט
צענויפגענייט
פון קליינע פיצלאַך צייט.“

אין אָט אַזעלכע פּאָעטישע קלייניקייטן זעט מען די מייסטערשאַפט פון דעם דיכטער...

# וועגן טעאַטער

„ווערטער און פראַזן זיינען די פעסער אין וועלכע דו לייזיגסט זיך אריין. ביסט פול און פארליבט רעד־סטו אַ סך, אַ סך. נישט ווייל די ווערטער מיינען עפּעס, נאָר ווייל דו מוזט האָבן אין וואָס זיך אריינ־צורעדן."

געווען אַ צייט, ווען נאַדיר האָט גענומען ערנסט דאָס אידישע טעאַטער. געשריבן שטאַרקע קריטיקן וועגן טעאַטעריי. אָפּגעהזקט פון שונד, אָפּגעלאַכט פון וואול־גאַריטעט, געוואָרפן זיינע שאַרפע פיילן אויף די, וועלכע זיינען פאַראַנטוואָרטלאַך דערפאַר.

איז געקומען אַזוי וויט, אַז אַ געוויסער טעאַטער־פאָרמאַן האָט אים ניט געוואָלט אריינלאָזן אין זיין שונד טעמפּל, האָט זיך נאַדיר געלאָזט גרימירן, זיך אריינגעכאַפּט אין טעאַטער אָן דעם מענעדזשערס וויסן און געשריבן וואָס ער האָט געוואָלט.

מיט נאַדירס קריטיק האָט מען זיך געמוזט פאַרנע־מען. ער האָט געשריבן אַזוי ניי, אַזוי טרעפנדיק, מיט אַזאַ איבערראַשנדיקע וויציקייט, אַז מען האָט געמוזט לאַכן, אפילו ווען ער האָט עמיצן געמאַכט אַ טיפע וואונד...

דאָס טעאַטער אַלס מאַטעריאַל, איז גוט צוגעפּאַסט פאַר נאַדירס טאַלאַנט. דאָ דאַרף ער ניט האָבן צו טאָן מיטן רעאַלן לעבן, וואָס איז אַזוי מיסטעריעז און קראַנק, אַז מען מוז דערצו האָבן אַן ערנסטע באַציאונג, אפילו ווען מען מאַכט אַן אנשטעל אויף פאַרקערט...

טעאַטער אפּערירט מיט אַן **אויסגעטראַכט לעבן**, וואָס איז ענלאַך צו געפאַרבטע שאָטנס פון דעם רעאַלן לעבן... וועגן די געפאַרבטע שאָטנס קען נאַדיר זאָגן, אַ סך לויכטנדיקע און בלענדיקע ווערטער. וויל מען די ווערטער אַרויפּציען אויף דעם שטויביקן לעבן פון אַלע שעה, פּלאַצן זיי ווי קינדישע לופטבאַלאָנען, ווען מען בלאָזט זיי צו שטאַרק אָן. ווייל נאַדיר איז

מער קינסטלער פון קונסט, ווי פון לעבן... דאָס באַווייזט זיין שפּראַך ווירטואָזיטעט. ווייל שפּראַך אַליין איז ביז אַ געווּיסן גראַד קונסט...

לויט נאַדירן, האָט די קונסט זיך איבערגעביטן מיטן לעבן. דאָס לעבן איז געוואָרן קונסט, און די קונסט איז געוואָרן דאָס לעבן... דאָס לעבן האָט פאַרלוירן דעם אורפּרימיטיווּן כח, דעם אָריגינאַלן אימפּולס פאַר שפּיל, דער־פאַר דאַרף עס זיך לערנען ביי דער קונסט:

„דאָס לעבן איז געקומען צום שלום, אַז דאָס לעבן ווייסט גאָרנישט ווי אַזוי צו לעבן, און עס דאַרף זיך פון צייט צו צייט אַריינכאַפּן אין טעאַטער און זען ווי אַזוי מענטשן האַנד־לען, כדי עס זאָל ווּיסן ווי אַזוי צו האַנדלען ביי ענלאַכע געלעגנהייטן."

האָט מען צו טאָן מיט אַן אויסגעטראַכט לעבן — טעאַטער — איז ניטאָ קיין באַשטימטער מוסטער. פאַראַן בלויז זשעסטן קעגן זשעסטן... דעריבער שפּילט ניט קיין ראָלע דער אמת, נאָר די אילוזיע — — ניט קיין דערלעבטע געדאַנקען, נאָר טשעקאַווע שפּעקולאַציעס. דערפאַר קען ער זיך פאַרגינען צו זאָגן:

„דער עיקר איז טעאַטער ניט קיין קונסט דערפאַר, ווייל קונסט איז נאָכקלאַנג. דער וואונטש צו בלייבן לעבן נאָכן לעבן. קונסט וויל צונאָגלען דעם שאָטן פון לעבן צו דער ערד און אים דאָרט האַלטן צוגענאָגלט ביז אין די זיבן אייביקייטן אַריין. טעאַטער אָבער איז... לויטער קעגנוואָרט, איז לויטער פאַרגאַנגלאַכקייט — ווי קאָן דאָס זיין קונסט?"

נאַדיר, דער פאַראַדאָקסן ווירטואָז, ווייס, אַז דאָס לשון דינט אים ווי אַ פידלער אַ גוטע פידל, לאָזט ער לויפן זיינע געדאַנקען פריי ווי יונגע הירשן אויף אַ פרייען פעלד. ער איז דער איבערגעטראַכטער מענטש וואָס האָט זיך באַפרייט פון זיין אייגענעם צענזור... יעדע רעגונג, וואָס ווערט אין אים געבוירן, זעצט ער איבער

אין ווערטער, און צעוואָרפּט זיי אויף אַלע זייטן, ווי די זון איר גאָלד.

וואָלט נאַדיר געזוכט אַ גאַנצן אמת מיט ווענט פון אַלע זייטן, ניט ווי דער בינע אמת, ווען עס פעלט אַלעמאָל איין וואַנט... וואָלט ער ניט אַרויסגעלאָזט אַזעלכע לופטבאַלאַנען געדאַנקען, ווי אין זיין אינטערוויו וועגן טעאַטער, געדרוקט אין דער „פרייהייט“ דעם 2טן אַפּריל, 1926:

„שכל און קולטור זייענען אַנטי שוישפּילערישער באַגאַזש. שוישפּיל איז אָדער קינדעריי, אָדער אומזין אָדער גאָר נישט. דאָרט וואו אַ הדיוט קאָן זיין אַ זשעניאַלער שוישפּילער מיט מיטלמעסיקן טאַלאַנט, דאַרף דער שכלדיקער מענטש זיין אַ זשעני כדי צו זיין אַ מיטלמעסיקער שוישפּילער. דער מענטש וואָס איז אַ פּערזענלאַכקייט דאַרף פאַרשווענדן זיבן אַכטלאַך פון זיין טאַלאַנט אַף א ר ו נ ט ע ר צ ו ש פּ י ל ן ז י ך א ל י י ן, איידער ער הויבט אָן צו שפּילן זיין ראָלע. אָבער דער מענטש, וואָס איז קיינער־נישט קאָן פאַרניצן די גאַנצע הונדערט פּראָצענט פון זיין טאַלאַנט אַף צו שפּילן קוני לעמל אָדער האַמלעט.

מיר שיינט, אַז ווען נאַדיר זאָל וועלן, וואָלט ער אויך געקענט זאָגן פאַרקערט... ער וואָלט געקענט זאָגן: אַז קיין קינסטלער דאַרף ניט זיין אַזוי אומיטלבאַר ווי דער שוישפּילער. ווייל דער שוישפּילער מוז באַווירקן דעם עולם מיט זיין א י י ג ע נ ע ם א י ך. וואָס שטאַרקער זיין איך, אַלץ גרעסער די ווירקונג. דעריבער מוז דער שוישפּילער ניט בלויז זיין אַ קינסטלער, נאָר אויך אַ פּ ע ר ז ע נ ל אַ כ ק י י ט — ער וואָלט אפשר אויך געקענט זאָגן: אַז אייביקייט, לויט דער מאָס פון צייט, איז ניט קיין קריטעריום פאַר קונסט... קונסט איז דאָס וואָס פאַרשאַפט פרייד... דורך שיינקייט... מעג די פרייד געדויערן איין רגע.. האָט זי שוין אין זיך דעם עסענץ פון ד אָ ס א י י ב י ק ע — —

אָבער דאָס וואָלטן אויך געווען צופעליקע שפּעקולאַ-ציעס. אין דער אמתן ווייס קיינער ניט וואָס קונסט איז... ווי מען ווייסט ניט וואָס לעבן איז. אפילו די קונסט קריטיקער ווייסן ניט. אַז מען וויל, קען מען פיין אָרגאַניזירן ווערטער און זאָגן: ק ו נ ס ט א י ז ד ע ר א י ב ע ר ג י י ע נ ד י ק ע ר, ש ו י ם פ ו ן ל ע ב ן... אַזוי ווי מען ווייסט ניט וואָס לעבן איז, קען מען אויך ניט וויסן וואָס דער שוים פון לעבן איז...

דאָס וואָלט אָבער קיינעם ניט אויפגערעגט... נאַדיר האָט ליב אויפרייצן, שאָקירן מיט אַ נייקייט, מיט אַ סוגעסטירנדיקע אַנדערשקייט... זאָל זיין אַ פּערטל אמת אַבי זאָל ווערן פריילאַך — —

אַזאַ באַציאונג קען אויך אויסגעטייטשט ווערן צום גוטן. דאָס באַווייזט, אַז נאַדירס גרונט מאָטיוו איז: אַז וויכטיק אין לעבן איז ניט דער אמת, נאָר — די פרייד.

## נאַדירס פּילאַרטיקייט

נאַדיר איז אומגעווענלאַך פּילאַרטיק אין זיין שאַפן. ווי פּרץ האָט ער אויספּרובירט אַלע פאָרמען פון שרייבן: פעליעטאָנען, הומאָרעסקן, סאַטירן, קריטיקן, לידער, דראַמען קינדער מעשהלאַך און קינדער-לידער.

נאַדיר האָט אַ ליכטיקע פאַנטאַזיע פאַר קינדער מעשהלאַך. ער קען זיך שפּילן מיט אַלערליי אויסטערלישקייטן, מיט טשעקאַווע פאַרטראַכטונגען, ער האָט די פרייגעלאַזענע שטיפערישקייט, וואָס קינדער האָבן אַזוי ליב.

נאַדיר געדענקט זיין קינדהייט. די פּאָעזיע פון די קינדעריאָרן האָט ביי אים ניט אויסגעצאַנקט, זי ברענט און לויכט אין זיין נשמה... אין זיין בוך: „אונטער דער זון", זיינען דאָ אייניקע צאַרטע אויטאָביאָגראַפישע קאַפּיטלען וועגן זיין קינדער לעבן. ער דערציילט: „פון מיינע קינדער יאָרן", „אַ בריוול צו סורטשען", „גרינע טעג" און „איך ווער בר מצוה". די ווערטער קומען אַרוים פאַרזיסט... דער טאָן? פון אַ פאַרליבטן... אַמאָל צו זים... ווילט זיך ניט לייענען קיין סך מיט אַמאָל... נאַדירס דעפּעקט: ער גיסט האָניק אויף האָניק...

כאַראַקטעריסטיש: נאַדיר הויבט אָן זיינע מעשיות מיט פאָרעדעס, פּרוּווט אוים זיינע סטרונעס:

„וועגן וואָס זאָל איך אייך דערציילן, קינדער טייערע? — כ'האָב אייך שוין אַזוי לאַנג ניט געזען, און כ'האָב אַזוי פיל צו דערציילן. קינדער! זאָל איך אייך דערציילן פון דעם שפּאַרבער מיטן שפּרייזינגער, — ווי זיי האָבן דערזען אַ שלייען אין וואַסער און זיי זיינען געלאָפן אים ראַטעווען, ער זאָל זיך ניט דערטרינקען?"

נאַדיר שרייבט ניט זיינע מעשיות פ ו ן קינדער, נאָר פ אַ ר קינדער, ער ווירקט אויף זייער פאַנטאַזיע, רייצט זייער נייגעריקייט מיט אַלערליי שטוקעס און שטיפערייען.

נאַדיר דערציילט ניט אין קיין גלייכע ליניעס, נאָר אין געדרייטקייטן. איין איינפאַל ברענגט אַ צווייטן, צופעליק, אומגעריכט, ניט געפּלאַנט פון פריער. זיין פאַנטאַזיע פליט לופּ די לופּ. ער דערציילט ניט קיין מעשיות, נאָר שפּילט זיך מיט זיי, כדי אונז צו פאַרשפּילן. אַלץ קומט אַרוים אויסטערליש און גראַטעסק:

„צווישן בעלעם און עגליע ליגט דער באַרימטער טייך המוק, וואָס זיין וואַסער איז צענויפגעשטעלט פון איינציקע טראָפּנס, אַזוי ווי קייטלאַך. מ׳קען אַרויסנעמען אַ שנירל וואַסער פון המוק און עס צוטשעפּען צו אַ זייגערל און קיינער וועט נישט וויסן, אַז דאָס איז וואַסער. לינקס פון המוק, אויף דער זייט וואָס איז נענטער צו עגליע, איז פאַראַן אַ האַנטגעמאַכטער באַרג“.

אַ דופּטנדיק וואָרטקרענצל געפינט מען ביי אים אומע-טום:

„אויף שיקלען האָט מען געקענט זאָגן, אַז ער האָט אַ פּאָר־שטאָפּטן קאָפּ מיט — תורה.

צו דערקלערן אַ פאָלקס וואָרט, האָט ער אָנגעשריבן זיין מעשה: „מען שיקט שיקלען נאָך דער שיקע-שער.“

נאַדיר האָט אויך פּרובירט קינדער לידער. געדרוקט מיט אַן אָנשטעל אַז ער האָט זיי איבערזעצט פון ענגליש, אונטערגעצייכנט די נעמען פון די קינדער פון פאָלקס שול נומער 45, בראָנקס. די לידער זיינען גאַנץ שיין געמאַכט... חנעוודיק פאַרטראַכט. פאַרפּוצט מיט פּאָעטישקייט:

„איך מאַך מיר אַ גאָרטן.  
ס׳איז ניט מיין גאָרטן,  
ס׳איז דער וועלט׳ס.  
איך מאַך נאָר צורעכט,  
עס זאָל וואַקסן.

וואָלט נאַדיר דאָ געענדיקט, וואָלט עס ניט געווען קיין שלעכט ליד. הויבט ער אָבער אָן צו דערציילן: „איך האָב

אַזוי שטאַרק, טייער ליב מיין גאָרטן, ווען אַ פרעמדער טרעט אויף מיין גאָרטן, האָב איך אים פיינט." און מאַכט דאָס קינד ווייטער פילאָזאָפירן:

„ער ווייס ניט וויפיל מי
עס האָט געקאָסט דער ערד
אַרויסצוקריגן פון זיך
דאָס קלענסטע גרעזל..."

דאָס איז שוין פליגללאָזע פראָזע, אויסמושטירט אין קורצע שורות... אין אַ ליד וואָס הייסט: „קרענגנעל-שפּיל", פילאָזאָפירט נאַדיר דורכן קינד מיט אַזאַ שורה:

„ווי יעדער זינגער באַצאָלט ער פאַרן זיג."

„די וואָלקנס" איז שוין אַ מער איינגעגעבן ליד:

„ווי ווייסע גענז וואָס ווילן פליען
צענעמען זיי די פליגלען:
— אַ־הויש!
— פליט!
די וואָלקן טוען אַ צעפלי,
און וויינען נאָך דער הימלשער היים
וואָס זיי לאָזן איבער."

„הימלשער היים" איז פּאָעטיש שיין, נאָר אַ קינד וועט אַזוי ניט זאָגן. אַזעלכע דיכטערישע פראַזן, רייסן איבער די אילוזיע פון עכטקייט, און די סוגעסציע איז איבערגעפירט... אַ קינדער ליד זעט אויס לייכט צו שרייבן, ווען עס איז שוין אָנגעשריבן... אָבער שאַפן אַן עכט קינ־דער ליד — איז אַ וואונדער... ריכטיק: צו אַלץ וואָס נאַדיר רירט זיך צו, גיט ער צו זיין באַזונדערע שיינקייט, אויך זיינע קינרער שאַפונגען האָבן אַ באַזונדערע פינקל־דיקייט... אָבער אין עכטקייט, אין קינדערשער נשמהדיקייט קען מען זיי ניט פאַרגלייכן צו די קינדער לידער פון לאה ק. האָפמאַן. לאה איז אין אירע לידער קינד און דיכטער צוזאַמען — נאַדיר איז בלויז דיכטער...

# די פּאָעזיע פון געדאַנק

כ'האָב דאָ היינט ביינאַכט
אַ פּעסל מיט לבנות,
שפּיגלדיקע שפּענער,
און אַ קרענצל אויגן. — — —

. . . און גאָלדענע מינוטלאַך
שפּרינגען פון די טרעפּ.

די שטאַרקסטע זאַכן שרייבט נאַדיר ווען ער שרייבט וועגן דער ש ו ו אַ כ ק י י ט פון מענטשנס לעבן. אַ מ ל ע ב ע ד י ק ס ט ן ווערט ער ווען ער קומט צום געדאַנק פון ט ו י ט. פּונקט ווי אַן אײדעלע קלעטערפלאַנץ אין הערבסט צינדט זיך אָן מיט רויטע פלאַמען, איידער זי פאַרוועלקט, אַזוי צינדט זיך אָן זיין געמיט, ווען ער רעדט וועגן דער פאַרגאַנגלאַכקייט פון זיין לעבן און דער לעבהאַפטיגקייט פון זיין נאָמען:

„איך בין אייפערזיכטיק אויף מיין נאָמען. פון טאָג־צו־טאָג ווערט מיין נאָמען שענער און איך מיאוס'ער. וואָס מער איך גיב אָפּ מיינע טעג אויף מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, אַלץ געזונטער ווערט מיין נ אָ מ ע ן און אַלץ שוואַכער ווער א י ך. וואָס העכער עס קלינגט מיין נאָמען, אַלץ נידעריקער קלינגט מיין קול, אַלץ שוואַכער, אַלץ מידער. מיין נאָמען פרעסט מיך אויף, ווי אַ בייזע חיה. ער פאַרצוקט מיך און מיינע ביינער קנאַקן צווישן זיינע גרויזאַמע אומשטערבלאַכע ציין. אין די טעג, ווען איך ליג און מאַטער זיך פון יסורים, אין די נעכט, ווען דער שלאָף וויכט פון מיין צוקאָפּנס, דעמאָלט גייט מיין נאָמען אַרום אַ פריילאַכער, אַ שטאָלצער, אַ לאַכנדיקער, און ער קניפּט אָן נייע באַקאַנטשאַפטן מיט דאַמען און הערן. און אַז דער טויט וועט כאָרכלען אין מיין האַלז, וועט מיין נאָמען אַרומשוועבן אַ געזונטער, אַ לוסטיקער און וועט זינגען ט ר אַ ל אַ ל אַ. און ער וועט זיך אָנהייבן אויף די געפאַרבטע ליפּן פון באַוואוסטע פרימאַדאָנעס און נישט אָפּטרעטן פון דאָרטן. פאַרשאָלטן זאָל ווערן מיין נאָמען. ער וועט נאָך מיין

טוים גיין אויף באַנקעטן און וועט לעבן אַ גוטן טאָג. בעת איך אַליין וועל זיין קאַלט און געשטאָרבן."

דאָס איז אַ פיין לירישע ליד. דאָס ליד פון יעדן וואָס זעט שוין דעם לעצטן אַקט פון דער לעבנס־דראַמע, נאָך איידער מען האָט זי איינגאַנצן אויסגעשפּילט. ער זעט, ווי ער, דער לעבעדיקער מענטש, וועט מוזן אָפּטרעטן זיין פּלאַץ פאַר זיין שאָטן. דאָס איז דער שטילער טרויער, דער שוואַנען־געזאַנג פון יעדן דיכטער־קינד, פון יעדן באַרימטן נאָמען־טרעגער. .

נאַדיר האָט געדרוקט נאָך פיינע געדאַנקען און שטימונגען אונטער דעם טיטל: „פון מענטש צו מענטש". ניט אַלע זיינען אַריין אין בוך. אין דער סעריע האָט אונז נאַדיר געגעבן זיינע פיינסטע שרייבונגען. „פון מענטש צו מענטש" איז ניט קיין שריפט פון אַ פּראָפעסיאָנעלן בוך־פאַרפאַסער. נאָר די קאָנפעסיע פון אַ מענטשן, וואָס לעבט אינטים מיט זיין אייגענעם איך... פון אייגנעם, וואָס איז ציטערדיק סענסיטיוו צו יעדן אָטעם פון זיין נשמה...

ניט קיין פעליעטאָנען איז דאָס בוך, נאָר פרייע לידער אין פּראָזע. דאָ האָבן מיר די פּאָעזיע פון געדאַנק, דעם אויסדרוק פון אינטעלעקטועלן שפּיל און די שיינקייט פון עקזאַלטירטן סטיל. זיין שפּראַך אין דעם בוך איז רייך, בויגיק, ראַפינירט און אין דערזעלביקער צייט קינסטלעריש איינפאַך. זיין פּראָזע האָט אַן אינדיווידועלן ריטם. די זילבן ציען זיך און בויגן זיך אין אַ פּליסיקער לעגאַטאָ, ווי אין אַ סאָלאָ, געשפּילט פון אַ וואונדערלאַכן ווירטואָז.

נאַדיר איז גוט, וואו ער איז אויפריכטיק, מאַכט ניט קיין אָנשטעל, וויל ניט פּאָזירן מיט זיין פלינקער טעכניק. ער איז גוט, ווען ער איז ניט באַוואוסטזיניק איבער זיין זעלבסט־גלאָריפיצירטן איך; ווען ער כאַפּט ניט אַן

ביים נשמה־לאָץ און שרייט: מענטשן הערט און שטוינט, וואָס פאַר אַ גוואַלדיקער חכם איך בין! ער איז גוט, ווען ער וויל זיך ניט אַרויפצווינגען מיט סופּעריאָריטעט, ווען ער שטעלט ניט אַרויס זיין באַזילבערטן שטעקן און זיינע מאַניקורטע נעגל... ער איז גוט, ווען ער ווייזט, אַז ער איז אויך אַזוי נ י ט ז י כ ע ר, אַזוי אָן הילף, אַזוי ציטעריק איבער זיין קאַפּריזנעם מזל, ווי מיר... ער איז גוט, ו ו ע ן ע ר א י ז ד ע ר ל י ר י ק ע ר א י ן פ ר אָ ז ע...



נאדיר — 1926

דאָס איז אַ פאַקסימיל פון אַ בריף, וואָס משה נאַדירס פאָטער (מאיר רייז) האָט אים צוגעשיקט פון אַמעריקאַ צו זיין בר־מצוה־ווערן אין זיין געבורטשטעטל נאַראַיאָוו, גאַליציע. דער בריף ווערט דערמאָנט אין נאַדירס בוך „אונ־טער דער זון" מיט די ווערטער:

„דער טאַטע האָט מיר געשיקט פון אַמעריקע אַן אויפגע־שריבענע דרשה אויף דייטש און אויף לשון־קודש, און מיר געשריבן אַז איך זאָל למע"ה אויסלערנען די דרשה און זי זאָגן צו מיין בר־מצוה".




שארזש פון ז. מאוד

# כאַראַקטערשטריכן און געשפּרעכן

טאָלסטאָי, — דערציילט גאָרקי — האָט אַלעמאָל גערעדט פון גאָט. נאַדיר רעדט אַלעמאָל פון פּ אַ ר ־ גאַנגלאַכקייט, פון דער פּאַטאַלער גאָרנישטדיג־קייט. — וואָס דער מענש זעט דורך דעם מורא׳דיקן ליכט פון טויט... ניט קיין אונטערשיד ווי אַזוי עס איז, אַלץ פאַרגייט סיי ווי... דערפאַר אפשר ווייזט ער אַרויס אַזאַ גלייכגילטיגקייט צו אַלץ, אַפילו צו פרויען — ער ווייסט שוין דעם סוף פאַר דעם אָנהויב... ער זעט דעם מת, איידער ער איז נאָך געשטאָרבן...

„אויסגעטאָן פון דעם פריער און פון דעם שפּעטער, איז די איצטיקע רגע פול מיט מורא׳דיגקייט און שווער־קייט...” זאָגט נאַדיר. זיין אינטערעס צענטרירט זיך דערפאַר אַרום דאָס שוין דאַאיקע, דאָס נאָענטסטע. „מאָרגן, זאָגט ער, דערעסט אַלצדינג... אויפן מיסטבאַרג פון צייט, ליגן אויסגעלעבטע מידע נעכטנס, צאַפּלען די פלעדערוויש־פליגלען פון די מאָרגנדיקע פאַוועס...”

אין נאַדירס כאַראַקטער איז דאָ אַ היפּש ביסל ווייב־לאַכקייט: זיין צעפּיעסטשעטע צירלאַכקייט. זיין איבער־טריבן פאַרפּוצן זיך מיט אויסטערלישע קראַוואַטן און זייד־אויסגעהאַפּטענע העמדער. אין זיין פּוצן זיך איז ער ענ־לאַך צו אָסקאַר ווײַלד׳ן. זיין קאָפּ דערמאָנט אָן באָדלערן. זיינע פאַראַדאָקסן דערמאָנען אָן דעם מאָלער און סאַטי־ריקער מעקניעל וויסטלער.

נאַדיר, אַליין אַ צעוואָרפענער, קען ניט ליידן קיין צעוואָרפנקייט אַרום זיך. קלייבט ער אויף די שטיקלאַך פּאַפּיר פון גראָז, גייט אַרום מיטן האַמער, דאָ קלאַפּט ער אַריין אַ נאָגל, דאָרט פאַריכט ער די ווערענדע. זעט זאַכן זאָלן זיין אין אָרדנונג.

ביים טיש פירט זיך נאַדיר זייער פּשוט. געמיטלאַך.

רעדט וועגן און קעגן פּאָליטיק... לאַכט אָפּ פון אַלערליי איקע באַרימטקייטן.

אַז מען ווייזט אים אָן יענער האָט אָנגעשריבן אַ גוט בוך, גיט ער אָן איראָנישן שמייכל, און פרעגט: „איר דענקט טאַקע אַזוי?" און אַז מען דינגט זיך מיט אים זייער שטאַרק, ווערט ער ווייכער און גיט צו: „אפשר? ווער ווייסט...?"

עסן עסט ער מיט געשמאַק. נאַדיר זאָגט אַז ער האָט אַן „אַפּעטיטלאַכע שנאה צו דעם שפּייז וואָס באַ־ליידיקט אים, דורך דעם פּראָצעס פון פאַרדייאונג..." בראָנפן און ווײַן טרינקט ער, נאָר זייער ווייניק.

נאַדיר האָט אַ ליידנשאַפט צו וואַסער. ער באָדט זיך און וואַשט זיך אַזוי אָפט, ווי דאָס גאַנצע מענטשלאַכע לעבן וואָלט געווען אַ מיאוסקייט, אַן אומריינקייט — — ער באָדט זיך ביינאַכט. — אַמאָל מיט פריינט, אַמאָל מיט פריינדינס — אין דעם שיין פון דער לבנה זעט אויס זיין הויכע פיגור ווי אַ גאָט אין אַ גריכישער לעגענדע...

נאַדיר האָט אַן אָרגאַנישע שנאה צו צייטונגען. ער רופט זיי: „די אומגליק ברענגער. אומגליק צעפּויקער. די היענעס וואָס צעשלעפּן דאָס געביין פון אַלע מתים. צע־טראָמייטערן אַלע אומגליקן, עפּעס אַזוי ווי די וואָס שרייבן דאָס, וואָלטן קיין לעבעדיקע מענטשן נישט געווען, און פאַר זיי וואָלט דער טויט נישט געגילט."

נאַדיר שרייבט ווען אים פאַלט איין. צופעליק, איילט זיך, פירט די פעדער מיט אימפּעט, און זיין האַנטשריפט איז לייכטער צו טרעפן, ווי צו לייענען... ער האָט ליב זיין געדאַנק זאָל אַרויסקומען נעט, ריין. אין אוונט ריידן מיר וועגן דער מיסטעריע פון שאַפן. נאַדיר זאָגט, אַז עס איז לייכט אַרומצוריינגלען יעדן געדאַנק מיט ווערטער, ער זאָל נישט קענען אַנטלויפן. און ריידנדיק, האָט ער אימפּראָוויזירט אַ סאַטירע וועגן:

## הרגענען צייט

דאָס איינציקע וואָס מענטשן האָבן איז צייט. צו דערהרגענען צייט דאַרף מען האָבן צייט. הרגענען צייט און די נשמה, צום טייוול, איז ווי צו האַקן אַ האַק מיט דער האַק אַליין.

אַמאָל, אַז דער טייוול פלעגט זען אַ נשמה, פלעגט ער זיך פאַרכלינען פאַר פרייד. היינט האָט ער אַזוי פיל פון דעם מין, אַז זיי וואַלגערן זיך ביי אים אויפן בוידעם. אפילו די פסח'דיקע געשיר אין דער אַלטער קויש פון מצות איז ביי אים פול מיט נשמות. אויף ווען האַלטסטו די נשמות צום גוטן יאָר? שרייט אויף אים דאָס ווייב. (זייער אַ בייזע). זיי וואַלגערן זיך אונטער די פיס. אויך מיר אַ סוחר. נשמות קויפט ער.

דער טייוול אַליין איז אַזוי פאַרביטערט, טאָמער קומט צו אים אַ איד, און וויל אים פאַרקויפן אַ נשמה, ווערט ער אויפגערעגט: וואָס טויג מיר נשמות, וואָס טויג מיר? ברענגט מיר שוועבעלאַך, שאָקאָלאַדע, אַביסל נאַפט. נשמות ברענגען זיי מיר, פאַרברענט זאָלן זיי ווערן. עפּעס אַ רעכטע זאַך זעט מען נישט.

אימפּראָוויזירנדיק אַזוי, איז אים איינגעפאַלן אַז ער קען דערפון מאַכן אַ דראַמאַטישן איין אַקט.

מאָרגן האָט ער שוין דערפון געהאַט אָנגעשריבן דעם געלונגענעם איין אַקט: „אויף יענער וועלט“, וואו ער ווייזט אָן, אַז אפילו אויף יענער וועלט, איז ניטאָ קיין יושר, קיין אָרדנונג, קיין האַרמאָניע, נאָר בלויז בלינדער, נאַרישער צופאַל — — —

## מיט נאַדירן אין די בערג

נאַדיר איז דער פּאָפּולערסטער מענטש אין די בערג. פון אַלע ווינקלען קומט מען אים זען. מען קומט אין זיין הויז מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, מען וויל זען וואונ־דער. אָבער נאַדיר זאָגט: „אַז דער גרעסטער וואונדער איז, וואָס עס געשען ניט קיין וואונדער" — —

איך גיי מיט נאַדירן, דער טאָג שיינט אויף אונז מיט זיין גאַנצער זומערדיגקייט. מיר שמועסן. נאַדיר רעדט מיט אימפּעט:

„אידן האָבן אַזאַ עסענציוויטעט אין זייער בלוט, אַז ווען זיי זאָלן האָבן אַ געלעגנהייט, קענען זיי פאַרגוישן די וועלט... און כאָטש מען שטערט זיי, טוען זיי דאָס סיי ווי. קורץ זעענדיקע מענטשן מיינען, אַז אידן אַסי־מילירן זיך, דאָס קען בלויז אויסזען פון דרויסן, אָבער אי־נערלאַך, אין דער טיף, אַסימילירן זיי די גוים אין אידיש־קייט אַריין... אין גייסט ווערן די פעלקער מער אידיש, ווי אידן ווערן גויאיש. די גוים עסן אונדז אויף, אָבער מיר פאַרדייען זיי פון אינעווייניק. שוין דערמיט אַליין, וואָס גוים האָבן פיינט אידן, באַווייזט ווי מיר פאַראומגליקלאַכן די וועלט."

נאַדיר זאָגט: „איבערהויפּט זיינען ניטאָ קיין גוים אויף דער וועלט. אַ גוי, זאָגט ער, איז אַ נאָך־ניט געפּאַטש־טער איד. פּונקט ווי אַ איד איז בלויז אַ געפּאַטשטער גוי."

א י ך: די נאַטור מאַכט די מענטשן שענער. קענט איר זיך פאָרשטעלן אין שטאָט אַזאַ לויטער גע־מיט? דאָ פילט זיך אַזוי גוט... עס וויל זיך גאָר ניט טאָן. דאָ דאַרף מען מער ניט שאַפן. די נאַטור האָט אַלץ פאַרטיק... נאָך וואָס שרייבן? די נאַטור איז האַרמאָניש אָן קונסט... מיר שיינט אַז אידן וועלן פריער

ניט דערגיין צו קיין גאַנץ לעבן, ביז זיי וועלן ניט צוריקקומען צום לאַנד.

נאַדיר: וואָס איז דאָס גליק פון לאַנד? איז בעסער אַז מענטשן זאָלן שמייכלען צו דער ליידיקער ערד, ווי שמייכלען צו מענטשן? — די ערד איז דאָך בלויז דער שטאָם, — דער מענטש — די צייטיקע פרוכט.

איך: אמת, צו דער ערד מוז מען זיך אויך בויגן... דערפאַר ווערט מען אָבער גוט באַלוינט פאַר דער מי... מען פילט זיך בעסער. אַ מענטש איז ערלאַכער ווען ער קריגט זיין פּרנסה דירעקט פון דער ערד.

נאַדיר: דאָ רעדט איר שוין עטיק... די נאַטור איז ניט עטיש... פאַר וואָס זאָלען ניט וואַקסן קיין ציבעלעס אָן די אַלע אנשטעלן, ווי אויפצוּרודערן די ערד, באַמיסטיקן און רייניקן? ווען די נאַטור זאָל זיין עטיש, וואָלט זי דאָך געמאַכט עס זאָל וואַקסן יעדעס יאָר, אַזויפיל קאָרן, אַזויפיל קאַרטאָפל, — זי קען דאָך אַלץ. צוליב וואָס אונז באַשווערן מיט אַזוי פיל מי? וואו איז איר יושר צו די שוואַכערע, צו די וואָס מישן זייער ביסל האַרטע ערדישקייט מיט צעבראָכענער הימלישקייט?

איך: די מענטשלאַכע מי האָט אַ טיפן זין. דער מענטש דאַרף זיך מיט עפּעס פאַרנעמען. וואָס איז נאַטירלאַכער פאַר אַ מענטשן ווי זיך פאַרנעמען מיט ערד?

נאַדיר: מעגלאַך אַז דער מענטש איז אַזוי באַשאַפן געוואָרן, אַז אפילו לעבעדיקערהייט זאָל ער זיך צוריקגעבן צו דער ערד... נאָר אַז איך טראַכט פון מיין ליידיק גיין, און פון דעם קאָנדוקטערס נוצלאַכקייט איז שוין עפּעס אַנדערש. איך הייננ אָן די אויגן אין דער לופט, ער מאַכט לעכלאַך אין בילעטן, ווער ווייסט וואָס עס איז נוצלאַכער און ווירדיקער. קען זיין, די גאַנצע וועלט איז אַ גרויסע רויך פאַבריק. מענטשן מיינען עס ווערן אין איר געמאַכט ווער ווייס וואָס פאַר אַ נוצלאַכע זאַכן — אין דער אמתן קען מען ניט ווימן צי מען מאַכט דאָרט

רערן און שרויפנצירן, צי מען פאַבריצירט בלויז רויך — — בלויז צייט-רויב...

נאַדיר האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט:

„צייט איז אָן עפּעס וואָס מוז סיי ווי אַוועקגיין. וואָס איז דער אונטערשיד ווי אַזוי זי גייט אַוועק? ווען אַ מענטש וואָלט געהאַט פּעקלאַך צייט, און איך וואָלט זיי פון אים צוגענומען און זיי באַנוצט פאַר מיינע צוועקן, וואָלט איר געקענט האָבן אַ טענה. דער מענטש מוז אָבער זיינע פּעקלאַך צייט סיי ווי סיי פאַרלירן אין די גאַסן, צי ער וויל צי ניט, טו פאַר וואָס זאָל אַן אַנדערער ניט טאָרן זיי אויפהויבן? אויפהויבנדיק יענעמס צייט, דערוויל פאַרלירן זיין אייגענע! עס קומט דאָך אַרוים דאָס אייגענע."

נאַדיר ווייזט ניט אַרוים קיין נייגעריקייט.

אַמאָל גייען מיר אין גאַס. מענטשן לויפן, פייער ווע-גענער יאָגן זיך. איך וויל צוגיין זען דאָס פייער: זאָגט נאַדיר:

— נאָך וואָס דאַרפט איר דאָס איצט זען? מאָרגן וועט איר דאָס האָבן שיין און גלאַט אויפגעזעצט אין אַ צייטונג.

## וועגן אב. קאהאנען

מען האט מיר איבערגעגעבן:

אויף א באנקעט צו אש׳ס אפפארן קיין איירפא, האט מען איינגעלאדן די שרייבער פון „פארווערטס". נא־דיר איז ניט געווען געלאדן... און טאקע דערפאר איז ער געגאנגען צום באנקעט.

אש האט פארגעשטעלט נאדירן:

— איר קענט נישט קאהאנ׳ען?

— בטבע קען איך אים נישט קאנען, — האט געענט־פערט נאדיר.

ווען מען האט נאדירן געגעבן דאס ווארט, האט ער אין זיין רעדע שטארק אנגעגריפן קאהאנ׳ען. ער האט געזאגט:

„קאהאן פארלויזיקט און פארפאסקודיעט די אידישע שפראך. ער לערנט אויף אידיש זיינע לעזער ווי אזוי צו ווערן גוים."

אויף קאהאנ׳ס פארענטפער, אז ער אליין שרייבט אי־דיש, האט נאדיר געענטפערט:

„קאהאן שרייבט אידיש מיט א שנאה צו דער שפראך. צו גויאישע שפראכן האט ער א פיינע באציאונג. קאהאן פארשטייט ניט פאר וואס מען האט געמעגט אריינעמען אין אידיש אזוי פיל אנדערע פרעמד־ווערטער, און ענגליש ניט. א שפראך האט איר גאנצקייט, איר פארם. א גלאז קען אריינעמען אזוי פיל און ניט מער — פריער האט אידיש געהאט די מעגלאכקייט פאר א סך נייע עלעמענטן, — איצט איז זי שוין פארענדיקט. ניטא קיין אורזאך פאר וואס מען זאל היינט נעמען דאס ווארט „טייבעל", אדער „פאטייטעס". ווייל, ווען איר זאגט „פאטייטעס" מיינט איר נישט קיין „פאטייטעס", נאר קארטאפלעס. טו נאך וואס דארפט איר זאגען „פאטייטעס"? — קענט איר דאך זאגן קארטאפלעס?"

נאַדיר, מאוד און איך אין אַ כינעזישן רעסטאָראַן.

מאוד זידלט די ציוויליזאַציע, וואָס האָט אַרויסגע-נאַרט דאָס לעבן פון מענטשן און זיי אויף אַ פאַלשן וועג פאַרפירט. דער מענטש, מיינענדיק, אַז דאָס איז טאַקע דאָס לעבן וואָס גאָט האָט געמיינט — פאַרשילט דאָס לעבן צוזאַמען מיט גאָט.

זאָג איך:

וואָס פאַר אַ מענטשן, אַזאַ ציוויליזאַציע — דער מענטש האָט נאָך זיך אַליין ניט אַנטדעקט —

רופט זיך אָפּ נאַדיר:

„דער אומגליק איז, וואָס דער מענטש האָט אַ ווילן, וואָס גיט אים פליגל — נאָר די פליגל קענען ניט פליען...“

— דער מענטש וואָלט געקענט פליען, ווען אַ צווייטער זאָל ניט פענטען זיינע פליגל —

— "וואָס קען זיך דער מענטש העלפן, ענטפערט נאַדיר, אַז ער קען ניט לעבן מיט זיין אייגענעם ווילן? וואָס קען איך טאָן, אַז איך בין אַ פּאַרטזעצונג פון אַזוי פיל טויטע עלטער זיידעס? ווען מיינע עלטער זיידעס וואָלטן געלעבט, וואָלט איך זיי אויסגעריסן די בערד, אָדער עפּעס אַנדערש — אָבער וואָס קען איך טאָן קעגן טויטע עלטער-זיידעס?“

נאַדיר רעדט אָפּט מיט בטול וועגן גרויסע זאַכן, און מיט גרויסווירכטיגקייט וועגן קליינקייטן . . . די קליינקייטן זיינען זיינע אָפּגעטער... צו זיי דינט ער מיט זיין גאַנצער באַגייסטערונג.

נאָדיר נעמט די קונסט זייער לייכט. אַזוי לייכט, ווי רויכערן אַ ציגאַר, טרינקען קאַווע, אָדער עסן אַן עפּל. וואָס שטאַרקער ער האָט זי ליב, אַלץ מיט מער אַפּעטיט עסט ער זי אויף... און מיטן עסן עסט ער אַמאָל אויף זיין אַפּעטיט אויך... אַמאָל עסט ער זיך איבער מיט דער קונסט... דעמאָלט קומט דער ציניזם און באַהערשט זיין מידע נשמה... דעמאָלט שרייבט ער:

„טאַלאַנט, גלויבט מיר, איז נישט מער ווי אַן אויסגוס אין קאָפּ, אַ לייסטנבראַך אויף דער נשמה. וועט זיך אַ קלוגער מענטש האַלטן גרויס מיט דעם? אין בעסטן פאַל איז דאָס ווי אַ האָרב אויף די פּלייצעס.

טאַלאַנט פאַלט אַן אויף אַ מענטש, אומגעריכט, ווי אַ גזלן. פאַרקניפּט דעם קליינעם, באַקוועמן „איך שכל“, מיט דעם גרויסן, אומגעלומפּערטן בליי־שווערן שכל פונם קאָסמאָס און מ'שווימט ווי אַ פליג אויף אַ טייך מ'טרינקט זיך ווי אַ שפּענדל אין ים.

אויך אין די ווערטער איז דאָ אמת, אָבער דער אמת געזען אויף איין זייט — אויף דער לינקער... נאָדיר האָט ליב צו כאַפּן אַ בליק אויף דער לינקער זייט פון זאַכן. טיילמאָל קוקט ער אויך אויף דער קונסט פון דער לינקער זייט... נאָר קיין טעאַטער שפּילט ער ניט מיט איר... ער איז מיט דער קונסט אינטים, ווי מיט אַ געליבטער פון וועלכער מען האָט זיך פיל מאָל אַנטוישט, און מען האָט זי נאָך אַלץ ליב...

כאַראַקטעריסטיש מיט וואָס פאַר אַן אַפּאַטישע לייכט-קייט נאַדיר שרייבט זיין אויטאָביאָגראַפיע:

א י ך א ל י י ן

איך טראָג פאַרביקע קראַוואַטן.
און קליידער פון דעם בעסטן וואָלשטאָף.
האָב די בעסטע טיש און בעט מאַניערן.
און פּרויען האָבן ליב מיין חוצפּה,
האָבן ליב מיין גרויען הוט, וואָס ליגט אַזוי פאַרשייט
אויף מיין יונגן, גרויען קאָפּ.
מיינע ליבעס זיינען קליין און אויסגעטראַכט.
און ווערן נמאס און דערעסן — ווי די שניפּסן.

האָב איך זיך צופיל אַפּעשטעלט אויף אויבנאויפיג-קייטן?

אַ מענטשענס לעבן איז בלויז ט י ף אין דער נשמה... אָדער ווערט ט י ף דורך דער אויסטראַכטונג פון אַ צווייטן מענטשנס נשמה — פון דרויסן זעט אַלץ אויס טריוויאַל, געוויינטלאַך, אומאינטערעסאַנט — אפילו ביי קינסטלער.

## אינטימע עטיק

נאַדיר איז צו מיר אין די אויגן אַלעמאָל געווען פריינד-לאַך, דזשענטלמעניש, מיר געזאָגט גוטע ווערטער, געווען אָפנהאַרציק, צוגעלאָזן, עכט גוטברודערלאַך. אָבער אונטער די אויגן? — אַ מענטשן דאַרף מען קענען אַ סך פאַר-געבן — אַ טאַלאַנט נאָך מער....

דאַכט זיך אַזוי זאָגט ערגעץ דער פראַנצויזישער דיכ-טער דעליל:

גאָט, גיב מיר כח ניט צו פאַראַכטן זיך וואָס איך בין אַ מענטש — — —

דאָס טעגלאַכע האַנדלען פון קינסטלער, איז אַ פיינ-לאַכער פּראָבלעם. צווישן דער קונסט און די טאַטן פון דעם קינסטלער, איז דאָ אַ פּאַטאַלער אָפּגרונט... דאָרט ליגן די שטיקער פון צעבראָכענע טעמפּ-לען. דאָרט פליסן די טרערן פון הייליקע אַנטוישונגען — —

קינסטלער זיינען אין טאָג-טעגלאַכן לעבן אָפטמאָל אומ-עטיש. און דערפאַר האָט די קונסט ניט די ווירקונג וואָס זי האָט געקענט האָבן אויף די היינטיקע מענטשן: די ווירקונג פון אַ נייער רעליגיע

## ווען נאַדיר זעט זיך ניט.

נאַדיר אורטיילט טיילמאָל צוגיך איבער זאַכן וועגן וועלכע ער האָט ווייניק אינפאָרמאַציע, און האָט וועגן זיי ווייניק געטראַכט. ער נעמט אַמאָל מענטשן און זאַכן צו לייכט. זאָגט אַרויס איבערטריבענע און אומריכטיקע מיינונגען, צוליב עקשנות, אָדער צוליב אַ וויץ. ער שעצט איבער זיינע כחות: —

איך זיץ ביים ברעג טייך. נאַדיר באָדט זיך. איך לייען אַן ענגלישע איבערזעצונג פון דעם כינעזישן פילאָזאָף לאָאָ טסע. נאַדיר קומט אַרויס פון טייך.

— וואָס לייענט איר?

— אַן אַלטן טאַלאַנט.

— איר דענקט אַזוי? לאָמיך זען.

נאַדיר לייענט אַ שורה דאָ, אַ וואָרט דאָרט, און גיט זיך אַ קרים: „עך, — פּניעכים. דאָס הייסט ביי אייך טאַלאַנט? וויפל שעה גיט איר מיר, איך זאָל אייך אָנ-שרייבן אַ גאַנצן בוך אַזאַ?“

איך פּרוביר אים דערקלערן אַז די געדאַנקען זיינען געשריבן געוואָרן הונדערטער יאָרן פאַר דער קריסטלאַ-כער צייט רעכענונג. אָבער ער טנעה'ט דאָס זייניקע:

„און אַז עס איז אַלט איז וואָס? איר מוזט זיך באַגייסטערן פאַר יאָרן? שטויב איז עלטער".

איך וויל אים אויפווייזן, אַז מיט עטלאַכע צוואַנציק הונדערט יאָר צוריק איז לאַאָ טסע געווען דער קליגסטער מענטש אין זיין לאַנד. שוין דאַן האָט ער געלערנט מיט זיינע מיטמענטשן דאָס אומדאָגמאַטישע, דאָס ריין מענטש־לאַכע, דאָס פּשוט'ע... און כאָטש אַ געוויינלאַכער סטו־דענט פון קאָלאָמביאַ, ווייסט היינט מער ווי לעאַ טסע מיט סאָקראַטן צוזאַמען, דאָך פאַרמינערט דאָס ניט זייער גרויסקייט.

נאַדיר מאַכט ווייטער זיינע זויערע מינעס און קלינגט אוים אַ קינדישן: — פּלאָם, פּלאָם, — איר האָט דרך ארץ פאַר די אַלטע כינעזיאַנער, ווייל מען האָט אין אייך איינ־געפּלאַנצט אַ ליבע צו גייסטיקע מומיעס, זאַכן וואָס האָבן אויף זיך הונדערטער יאָרן פון הייליקן שטויב... פאַר דעם פרישן, פאַר דעם ניי געבוירענעם האָט איר קיין חוש ניט, איר דאַרפט צו דעם אַליין ערשט ניי געבוירן ווערן.

ווען איך שרייב אייך אָן אַזאַ בוך, און שטעל אוועק אָן אַלטן כינעזישן, אָדער אינדיאַנישן נאָמען, וואָלט איר געוואָרן באַגייסטערט. איך האָב געשריבן כינעזישע לי־דער און אונטערגעשריבן, אַז זיי זיינען איבערזעצונגען, האָבן זיך אַלע געקוויקט מיט זיי. איך האָב אָנגעשריבן קינדער־לידער און אָנגעגעבן די יאָרן מיט די נעמען פון די קינדער און אַלע האָבן געמיינט אַז דאָס זיינען טאַקע לידער געשריבן פון קינדער. מען קען אייך אַלע אָפּנאַרן. מען דאַרף נאָר וועלן פאַרשווענדן אַביסל צייט און מי."

אַזויפיל רעדט זיך נאַדיר איין, אַז ער קען אַלץ, און אַזוי גרינג שעצט ער טיילמאָל דעם טאַלאַנט פון אַנדערע, אַז אים דאַכט זיך ער קען אַלץ און אַלעמען נאָכמאַכן, אין דער אמתן קען ער קיינעם ניט נאָכמאַכן, אויסער — זיך אַליין... און דאָס טוט ער אַביסל צופיל...

דערפאר וואס ער קען זיך אזוי פלינק באנוצן מיטן הומאריסטישן מעדיום, ערלויבט ער זיך אמאל איבער די מאס. ווען נאדירס ביכער זיינען ארויס, שרייב איך אים א בריף, אז אין קורצן וועל איך פארעפנטלעכן אן ארבעט איבער זיינע ווערק.

ענטפערט ער מיר:

„שטיינבערג טייערער, איך ווייס ניט וואס איר גייט זאגן איבער מיינע שרייבונגען, נאר וואס איר זאלט דארט ניט זאגן, וועט אלץ זיין ווייניק געזאגט.“

נאדיר האט זיך אויך לעצטנס גענומען צו שיין קליידן. ווי ער וואלט געוואלט מיט זיינע שיינע קליידער עפעס פארדעקן... ער איז אלעמאל געגאנגען נעט גע־קליידט, אבער קיינמאל ניט אזוי פיקטורעסק און מוזעאוממעסיק ווי לעצטנס. איז דאס אפשר דערפאר ווייל ער האט מיט אמאל דערפילט דעם קאלטן ווינט פון זיין ביסל לויפנדיקער צייט? אין זיין נייע גרויסע ארבעט: „אונטער דער זון“, באמערקט ער מיט פיל טרויער: „איך בין שוין גרוי, נישט נאר אויפן קאפ...“ און ער לאמענטירט ווייטער מיט א טרויעריקן שמייכל:

„איר מעגט מיר גלויבן: דאס, וואס איך האב גרויע האר אויפן קאפ, ארט מיך נישט. אבער די גרויע האר אויף מיינע פים? ווי פריקרע! ווען די עלטער — און אפילו דער טויט — קומט אויפן קאפ, ווי א קרוין, בויגט מען זיך אן און מ׳זאגט מיט א נעלעכטער: „ס׳איז גוט“ און „א דאנק דארטן וועמען עס איז!“, אבער ווען דער טויט קומט אויף אזוינע ערטער, — נו, לאמיר נישט ריידן דאפון!“

## נאַדירס פּאַראַכטונג צו דער וועלט פּאָליטיק

ביי נאַדירן איז דער גאַנצער פּאָליטישער פּורים-שפּיל אָן איבעריקע זאַך. אַ פאַרשווענדערישקייט פון צייט און ענערגיע. קלוגע מענטשן וואָלטן באַדאַרפט אויסטראַכטן אַ שענערן ספּעקטאַקל.

נאַדיר זעט ניט איין נאָך וואָס מען דאַרף זיך אַזוי פיל האַמפּערן. די יאַפּאַנעזער ווילן אַריינקומען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, זאָלן זיי. — אויב אונז וועט ווערן לאַנגווייליק וועלן מיר קומען צו זיי. — ערד איז נאָך דערווייל דאָ גענוג. לופט און זונשיין אויך. הייזער און קליידער קענען זיי מאַכן פּונקט אַזוי ווי מיר. זיי זיינען זייער פליסיקע מענטשן, עסן ווייניקער ווי מיר . . . האָבן אַ שענערן געשמאַק פאַר פאַרבן און דעקאָראַציעס.

אינדיע און עגיפּטן ווילן זיך באַפרייען פון דער ענגלישער הערשאַפט? אדרבא.

רוסלאַנד וויל מען זאָל זי אַנערקענען? זאָל מען, און וואָס גיכער... איין זאַך דאַרף מען אַכטונג געבן: עס זאָל ווייטער ניט קומען צו קיין מלחמות. ווייל אַ מענטש האָט ניט קיין צוויי לעבנס, ער זאָל קענען איין לעבן דער-הרגענען פאַר זיין פאַטערלאַנד. ווען מען הרגעט אַ מענטשן אַוועק דאָס איינציקע לעבן, האָט ער שוין מער ניט מיט וואָס צו לעבן... און אַ לעבן איז זייער ביטער צו זיין אויף דער וועלט — אפילו מיט דער בעסטער רעוואָלוציע... דעריבער דאַרף מען די ערשטע זאַך זען אָפּצוהיטן דעם מענטשנס איינציקע לעבן... דאָס איז די הייליקסטע פליכט איבער אַלע פליכטן. מען וועט אָנפאַלן? אומזין, מענטשן און

פעלקער דאַרפן אויפהערן מורא צו האָבן איינע פאַר די אַנדערע. מען האָט די מורא איינגערעדט די פעלקער. און דער שרעק איז איינע פון די אורזאַכן וואָס מאַכט מעגלאַך קריג. ווען די דייטשן וואָלטן אַהערגעקומען און געזאָגט: „מיר ווילן מלחמה האַלטן!“ וואָלט נאַדיר זיי געפרעגט: אפשר ווילט איר אַ קאַלטן גלאָז ביר? אַ געבאַקענעם עפּל מיט שמאַנט? אַביסל גוטן ווייַן — ס'איז דאָ גענוג. — העכסט וואַרשיינלאַך, אַז אין אַ הייסן טאָג וואָלטן זיך די דייטשן געפוילט צו שיסן, אויפגעהערט זינגען „דאָס פאָ-טערלאַנד איבער אַלעם“, בעסער גענומען פאַבריצירן זיי-גערלאַך מיט מעסערלאַך — און פיינע כירורגישע אינסטרו-מענטן...

נאַדיר וואָלט אויף אַ לייכטן אופן פאַרטיק געוואָרן מיט די קאָנטר רעוואָלוציאָנערן. ער וואָלט זיי פשוט גע-פרעגט:

קינדער, וואָס ווילט איר כדי איר זאָלט זיין גליק-לאַך? איר ווילט ווערן מיניסטאָרן? גוט. מאַכן מיר אייך. העלפט אונז אין דער אַרבעט. זייט זיכער אַז די אַרבעט וועט אייך זיין לייכטער ווי צו וואַרפן באָמבעס. איר וועט קריגן בעסערע שכירות.

צו די אַנאַרכיסטן וואָלט ער געזאָגט:

איר ווילט ניט אַנדערש ווי אַ הונדערט פּראָצענטיקע אַנאַרכיסטישע געזעלשאַפט? וויפיל זענט איר? מיר גיבן אייך אַ פּלאַץ און פירט אייך איין אַן אייגענע געזעלשאַפט. מיר וועלן אייך נאָך אַרויסהעלפן מיט אַ פּאָר זעקלאַך מעל. און עטלאַכע ציגן.

ריידנדיק וועגן לענינען, און דאָס וואָס מען האָט געלאָזט אַז מענטשן זאָלן אים זען נאָכן טויט, האָט נאַדיר באַמערקט:

„אַ מענטשן דאַרף מען ניט זען טויטערהייט. מען

דאַרף אים בלויז זען און געדענקען אַ לעבעדיקן. די באַל־שעוויסטישע רעוואָלוציע איז טאַקע אַ וואונדער אין דער וועלט. מען דאַרף אָבער צוליב דעם ניט פאַראומעסטע־טישן אַן אויפגעהערטן מענטשן..."

ריידנדיק וועגן טויט און וועגן גרויסע מענטשן, איז מיר אַרייגנעקומען אין זינען אַז נאַדיר דערנענטערט זיך צו דער עלטער; האָב איך באַמערקט, אַז די אייביגקייט איז שוין גענוג איינגעשרומפּן, שוין צייט מען זאָל אים מאַכן אַ יובילעאום. האָט נאַדיר געענטפערט:

„זאָלן זיי מיר מאַכן אַ גרויסאַרטיקן יאָרצייט ביים לעבן. מיר שטעלן אַ בראַנזענעם מאָנומענט, און מיר אַרויסגעבן מיינע ביכער אין לעדער, בין איך גרייט זיי אונטערצושרייבן אַ געשוואָרענעם דאָקומענט, אַז איך וועל זיי צוליבטאָן און אין אַ געוויסן טאָג שטאַרבן...



נאַדירס אַ שפּיל מיט אַ בלייפעדער

# נאַדיר און פרויען

מיר איז אויסגעקומען צו זען ווי נאַדיר פאַרברענגט אין דער געזעלשאַפט פון פרויען. פיין ווערט דאַן זיין מאַניער. אַמאָל ראָמאַנטיש פאַרטראַכט, עראָטיש רעליגיעז... זיינע אויגן שפּיגלען פון זיך אַרויס אַ שטילן טרויער, זעען אויס, ווי זיי וואָלטן זיך גרייטן צו טרערן... טיילמאָל ווערט ער שעמעוודיק און פאַרלוירן. מיינסטן איז ער אינדיפערענט. ער באָדט זיך מיט פרויען נאַקעטערהייט, מיט אַזאַ גלייכגילטיגקייט, ווי ער וואָלט מיט זיי געטרונקען טיי...

איך האָב זיך געוואונדערט וויפיל געדולדיגקייט ער ווייזט אַרויס צו פרויען. ווי צאַרט ער איז צו זיי, ווי פאַטערלאַך. ער רעדט צו זיי שטיל, און אומענדלאַך סענטימענטאַל... באַלד מעלאַנכאָליש, געלאַנגווײַלט, פאַרקלערט אין זיך... ער זאָגט דעמאָלט מיט אויסגעשוויגענע רייד:

אָרימע, פאַרבענקטע קינדער מיינע, וואָס קענט איר מיר געבן? אַז איר ווייסט אפילו ניט ווי אַזוי צו נעמען... איר קענט מיר בלויז געבן איין זאַך — און דאָס מיינע טייערע, פויל איך זיך אָפטמאָל צו נעמען...

— — — — — — — — — — — —

נאַדיר רעדט אונטער די אויגן וועגן פרויען אויפריכטיק, אינטערעסאַנט, אינטים און מיט אַ געלייטערטן טאָן:

פרויען זיינען ווי די בלענדיקע הימלען, כאָטש מען ווייסט זיי זיינען ליידיק — דאָך גלויבט מען אַז דאָרט וואוינט גאָט... און אַהין שיקט מען אונזערע תפלות און געזאַנגען...

## אינ׳ם רינג פון עראָטיק

פון די וויכטיקסטע זאַכן פאַרן לעבן, איז ניטאַ גענוג פאַר אַלע. ניט ברויט מיט קליידער זיינען וויכטיקייטן, נאָר שיינקייט און ליבע. ברויט קען מען קריגן פאַר אַלע, ווען מען זאָל ווערן אַביסל שכלדיקער. קליידער און הייזער — אויך. עס וועלן, אָבער, קיינמאָל ניט זיין גענוג שיינע פרויען און פרייד פאַר אַלעמען. בלויז אַ קליינע צאָל מענטשן וועלן האָבן פרייד און ליבע. אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וועלן דען זיין גענוג שיינע פרויען פאַר אַלע מענער?

צוליב דעם סעקסועלן קריג וועט יעדער יושר בלויז זיין אַ מאַסקע.. די טעאָרעטישע פרינציפּן: גלייכקייט און מענטשלאַכקייט, וועלן בלויז דינען אַלם פאַנצערס צו באַשיצן דעם פאַטאַלן עגאָאיזם. נאַדיר זאָגט: „יעדער מענטש האָט בלויז אַזוי פיל פרייהייט, וויפל ער נעמט צו ביי אַן אַנדערן. פרייהייט איז ניט קיין זאַך, וואָס מען האָט, נאָר אַ זאַך וואָס מען נעמט צו". אין דעם קרייז פון פרוי און גליק וועט אַלעמען באַהערשן דער בלינדער איכיזם. דאָס וויכטיקסטע פון מענטשלאַכן לעבן וועט אַלעמאָל זיין באַהערשט פון טראַגישן צופאַל, ברוטאַלן אינסטינקט און מענטשלאַכן קאַפּריז.

אפילו קינסטלער זיינען ניט שענער, ניט בעסער אין דעם רינג פון געשלעכט. אָפטמאָל ערגער — ווייל זיי נוצן די פרייהייט אויף אַלע זייטן — —

נאַדיר איז רעלאַטיוו אַ גוטער, אַ מאַנירלאַכער, אַ שטימונגספולער.

פאַרנאַכט, די זון האָט גענומען צוריקגיין. זאָגט נאַדיר:

„עפּעס פיל איך, כ׳האָב געקראָגן אַן אַטאַקע אויף

יושר. ס'וועט ניט אָנהאַלטן לאַנג, נאָר דערווייל דערגייט מיר דער יושר די יאָרן."

און טאַקע אין דעם זעלבן מאָמענט פון יושר־שטי־מונג האָט ער גענומען די שענסטע צוויי דאַמען פון דער געזעלשאַפט און איז מיט זיי אַוועקגעפאָרן.

איך בין געבליבן אַליין, — האָב איך אָנגעשריבן די אומניצלאַכע ווערטער...

נאַדיר שרייבט:

„אַלע ציען זיך צו דער קונסט. ביי איר לעבעדיק וואַסער שטייען די פאַרשמאַכטע. וואַשן זיך ס'פּנים, טרינ־קען און דערפרישן זיך.

אַנדערע באָדן זיך די פיס אין דעם. קריכן אַריין איניווייניק ביז צום האַלז און פאַרבלאָטיקן עס.

קונסט, געשלעכט, רעליגיע — די גרויסע דריי־אייניג־קייט, וואָס ציט די פעדים פון אונזער לעבן.

סעקסואַליזם שלעפט דאָס לעבן ביי די הערנער. קונסט טרייבט אונטער מיטן חנ'עוודיקן בייטשל. רעליגיע איז דער ציל, וואָס מאַכט דעם וועג דערטרעגלאַך: דאָס פייערל אינם פאַרבלאָנדזשעטן פינצטערן וועג.

אַלע דריי כחות זיינען א י י ן גרויסער, בלינדער כח.

כמעט יעדע קונסט איז אויסגעלאַסן און רעליגיעז, אין דעם זין, וואָס זי אַנטפּלעקט, אָדער פאַרקערט, מיט דעם צוועק אויפצואַוועקן, צו פאַרזינלאַכן. דאָס געשריי פון דעם דערוויש בעת ער פייניקט זיך ;דאָס ווילדע טאַנצן פון דעם חסיד ; דאָס „רעליגיעזירן" פון דעם נעגער, — דאָס אַלץ איז די פּיין פון פרייד, דער תענוג פון יסורים — געשלעכטלאַכקייט."

דער קינסטלער ליידט מער פון עראָטישן דראַנג, ווייל ער איז מער פאַרצווייפלט, און וויל מיט דעם באַפרידיקן זיין שענקייטס־אינסטינקט. יעדער איינער, וואָס מער ער באַ־

פרייט זיך פון אַרבעט און געווינט פרייע צייט. אַלץ מער גיט ער זיך איבער צום ווענוס-טעמפּל. קיין ליידנשאַפט פאַרשקלאַפט ניט אַזוי דעם מענטשן ווי די עראָטישע. וואָס מער ער שיכורט דערמיט, אַלץ ניכטערער בלייבט ער. יעדע שיינע פרוי איז פאַר אַ מאַן אַ נייע אַנטפּלעקונג — אַ רייץ. די מאָראַל צאַמט ניט דעם מענטשנס בלוט. ווען אַ מאַן וואָלט געהאַט אַ געלעגנהייט, וואָלט ער געוועזן מיט אַלע שיינע פרויען פון דער וועלט — און ער וואָלט נאָך געהאַפט אויף יענער וועלט. אומענדלאַך איז דער עראָטישער טריב. די ווערטער: גוט, שלעכט, געזונט, קראַנק, פאַרלירן דעם זין ווען עס וואַכט אויף דער עראָטישער פלאַם.

וואָס מער אַ לאַנד איז ציוויליזירט אַלץ שטאַרקער, אַלץ הפקר׳דיקער ווייזט זיך דאָס. אַמעריקע, וואו די טעכנישע ציוויליזאַציע איז אַמשטאַרקסטן אַנטוויקלט קלינגט דער תאוה-געשריי העכער ווי אומעטום. אַמעריקע וויגט זיך אין אַ בלינדן עראָס-טאַנץ אונטער דעם ריטם פון דזשעז. דייטשלאַנד טאַנצט נאָך. די פראַנצויזן טאַנצן שוין לאַנג דעם אומפאַרמיידלאַכן טאַנץ. די גאַנצע וועלט ווערט וואָס אַמאָל מער פערוועֶרם. יעדעם ביסל פרייע צייט, וואָס ווערט ערוואָרבן, יעדע נייע דערפינדונג, וואָס די וויסנשאַפט ברענגט, פירט דערצו.

צו וואָס וועט דאָס אַלץ ברענגען? דאָס וואָרט ד ע ג ע נ ע ר א צ י ע זאָגט ניט גענוג. עס וועט פירן צו אַן א ו מ פ א ר מ י י ד ל א כ ן ק ר י ג. מען מערקט שוין דעם אָנהויב.

# נאַדיר וועגן היראַט

„ווי אַ העמד וואָס איז נאָענט
צום אייגענעם לייב,
אַזוי ווילט זיך איבערבייטן
אַן אייגן ווייב."

(פון נאַדירס א ליד)

נאַדיר רעדט אַמאָל וועגן די אומלייזבאַרע פּראָבלעמען פון דעם מענטשנס אינטימען לעבן:

„זיין מיט אַ סך פרויען", זאָגט ער, „איז פּונקט ווי מיט אַ סך רייזען, מיט יעדער שטיק ערד וואָס דו באַטרעטסט, ווערט דיר די וועלט קלענער און ענגער... פּונקט ווי מיט צופיל עסן עסט מען אויף דעם אַפּעטיט... ווען אַ מענטש זאָל באַשלאָפן אַלע שיינע פרויען פון דער וועלט, וואָלט ער זיך באַדאַרפט אַנידערלייגן און שטאַרבן — " —

זיינד איז דער סוד פון לעבן...

פון זינד ווערט געבוירן היילינקייט און עקסטאַז... „ווען די זינד זאָל פאַרלירן איר רייץ, וואָלט דאָס לעבן אויפגעהערט האָבן אַ טעם..." עס וואָלט אויפגעהערט דער כשוף פון דער אילוזיע... ס'וואָלט ניט געווען צוליב וואָס צו בויען אַ הויז, אָדער זיך אַנטאָן אַ פינגערל.

וועגן דעם אומזין פון באַוואָרענען מיטן געזעץ, זאָגט נאַדיר:

„פיינע מענטשן זיינען פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר זיך", דאָס געזעץ פאַרהיט ניט קיין פאַרברעך. די ערגסטע פאַרברעכנס וואָס איין מענטש באַגייט קעגן צווייטן, קען דאָס געזעץ ניט באַשטראָפן... דאָרט וואו דאָס געזעץ דערגרייכט, קומט עס צו שפּעט... ווען די געמיינהייט איז שוין אָפּגעטאָן, קומט דער נאָבעלער שטאַט, און באַגייט נאָך אַ פאַרברעך — פייניקט דעם „פאַרברעכער" — —

„דאָס געזעץ קען ניט הייסן ניט וועלן הרגענען."

נאַדיר זאָגט וועגן דעם געזעץ וואָס וויל דורך צוואַנג-און הרי את צענויפהאַלטן צוויי לעבנס:

„זיך אַליין צענויפהאַלטן איז אַ גרויסע אויפגאַבע, בפרט נאָך עמיצן אַנדערש צובינדן צו זיך."

וועגן די וואָס הייראַטן אוים מורא פאַר זיין איינזאַם אויף דער עלטער, זאָגט ער:

„דאָס באַוואָרנען זיך קעגן דער עלטער מאַכט מענטשן אַלט. עס איז אַ פאַרברעך זיך צולאָזן אַלט ווערן. אַ מענטש דאַרף טאָן אַלצדינג כדי אויפצוהאַלטן זיין יוגנט. געבוירן ווערן יונג, קען יעדער אידיאָט, אָבער זיך האַלטן יונג, דאַרף מען זיין אַ קינסטלער... נאָר דעמאָלט בין איך נאָך געווען זייער אַלט ווען איך האָב דאָס געטראַכט: מיט אַ פופצן יאָר צוריק. מיינסטע מענטשן ווערן אַלט פאַר שרעק פאַר דער אַלטקייט. ווען איך האָב געקראָגן די ערשטע גרויע האָר, האָב איך זיך נישט געשראָקן. — נאָר דאָס אַליין, — האָט ער צוגעגעבן, — האָט אויף מיר אַנגעוואָרפן אַ פחד. כ'האָב געטראַכט, אַז עפּעס מוז איך זיין נישט נאָרמאַל."

„פרייע ליבע", זאָגט ער „איז ערגער ווי געזעצלאַכע הייראַט. מיט אַ געזעצלאַכער פרוי קענסטו זיך גטן אָבער ווי אַזוי קענסטו פטור ווערן פון פרייער ליבע?"

— — — — — — — — — — — —

„מען האָט גענומען אַ פריוואַט מענטשלאַך באַדערפ-ניש, איינגעוויקלט אין טליתים און פאַרשטעלט מיט חופּה-שטאַנגען, ווען דאָס האָט באַדאַרפט זיין אַזוי זעלבסט-פאַרשטענדלאַך, ווי לופט און — — (אַ גראָב וואָרט)"

פאַרוואָס אידן האַלטן פון בתולהשאַפט:

„ווייל מענטשן האָבן ליב צו פאַרגיסן בלוט", זאָגט נאַ-דיר, „אַ גוי געפינט שוין אַ וועג ווי אַזוי זיך אַנצוזעטיקן מיט בלוט. אויב ער האָט נים קיין מלחמה, דערהרגעט ער דערווייל אַ פאָר אידן... אַ איד קען זיך אַזאַ לוקסעס נים

פּאַרגינען. און גלאַט הרגענען אַ מענטשן האָט ער מורא.
— איז כאַטש באַשלאָפן אַ יונגפרוי".

„ווען איך בין אַ קעניג וואָלט איך אָנגעשטעלט עט-ליכע יונגפרויען פאַרגוואַלדיקער, אַזוי ווי מען שטעלט אָן הענקער, אָדער גענעראַלן."

נאַדיר האָט אַ נייגונג צו שרייבן עראָטישע זאַכן. זיין קליין בוך: „ווילדע רויזן", איז אפשר געווען דאָס ערשטע פאַרשייטע ביכל אין אידיש. ער האָט דאָרט פּליג-קע אומשעמעוודיקע אָנצוהערענישן... זאָגט אַרוים אַלער-לייאיקע פּריוואַטקייטן, און אַמאָל פּיקאַנטע איינפאַלן, ווי אין זיין „ציניקער אַלע":

„ניט קענענדיג אייך, זאָג איך אייך:
— ליבער הער, איר זייט אַ גראָבער יונג.
ווי וואגט איר אין מיין קעגנוואַרט אַרויסרעדן אַזאַ
אומאַשטענדיק וואָרט ווי „פּרוי"?
שעמט אייך. איך ווייס וואָס איר מיינט דערמיט. איך בין
ניט קיין סענטימענטאַלע גימנאַזיסטן.
ניט קענענדיק אייך, זאָג איך אייך:
— געערטע מאַדאַם, איר זייט אַ חצופה!
ווי וואגט איר אין מיין קעגנוואַרט אַרויסריידן
אַזאַ אומאַראַליש וואָרט, ווי „מאַן"?
שעמט אייך! אַזאַ יונגע פּרוי זאָל האָבן שמוציקע געדאַנקען.
פּפוי! ווי ציניש איר זייט אַלע!"

דאָס אָוועקגיין פון דער היפּאָקריטישער פרומלאַכקייט איז אין אידיש געווען געוואַגט. און געוואַגטקייט בינדט אויף, באַפרייט... נאַדיר האָט די אָפנקייטן צוגעדעקט מיט פיינעם סטיל — מיט ליטעראַרישער עסטעטישקייט...

פונדעסטוועגן, אַזעלכע סטיליזירטע צעלאָזנקייטן ווי: „דער ענגער קרייז", „מיין לעצטער וואונש", און „אַן אי-דיליע" קען מען ניט ציטירן — —

ווען נאַדיר פאַרבלאָנדזשעט צו פּאָרנאָגראַפיע, וואָס קומט פון איבערזאַטקייט און מידקייט, דערפילט מען אין זיין שרייבן דעם טעם, ווי מען בייסט איין אַ פאַרלעגענע נוס...

נאַדיר האָט מיר געזאָגט, אַז די ווילדע רויזן האָט ער געשריבן ווען ער איז געווען מוראַדיק פאַרליבט, און גע-וואָלט מיט ציניזם זיך אָפּקילן, זיך גלייכשטעלן.



נאַדיר — צייכנונג א. מאַניעוויטש

## נאַדיר וועגן אונזערע שרייבער

### מענדעלי

וועגן מענדעלי׳ן — לייענט זיין בוך קריטיק: „מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט“. —

### שלום עליכם

וועגן שלום עליכם זאָגט נאַדיר, אַז ער איז געווען אונזער טיכטיקסטער שרייבער. ער האָט אַלעמאָל געשריבן. אפילו אין מיטן העלן טאָג, באַ אַראָפּגעצויגענע פאָרהאַנגען. אפילו ווען ער איז געשלאָפן, האָט ער געהאַלטן אַ פעדער אונטערן קישן. ער איז געווען דער כישוף־מאַכער פון . . . ווייסן כישוף. שלום עליכם איז געווען אַ ו ו ע ר ט ע ר - מ י ל י אָ נ ע ר, אָבער אביסל צו אָרעם פאַר דעם גרויסן פאַרמעגן. ס׳איז נישט אַזוי קיין קונץ צו זיין רייך, זאָגט נאַדיר, מיט אַ סך געלט, ווי ס׳איז אַ קונץ צו זיין רייך מיט אַביסל פאַרמעגן. אַ קונץ איז צו זיין רייכער, ווי דאָס פאַרמעגן וואָס מען פאַרמאָגט. אין שלום עליכם׳ס זכרון איז געווען באַהאַלטן דער אוצר פון דער אידישער שפּראַך. ער איז געווען דער ראַדיאָ פון דעם אידישן פאָלק. אַ סך לידער, אַ סך קולות האָבן דורך אים גערעדט, דורך אים געזונגען. אים אַליין איז מיט זיך געווען קאַלט. מיט׳ן אידישן פאָלק צוזאַמען איז ער געווען אַ מאַיאָנטניק . . . . אָבער מיט זיך אַליין איז ער געווען אָרים .. מיט זיינע ווערק איז ער געווען גרויס, אפשר דער גרעסטער ביי אונז. אָבער מיט זיך אַליין, איז ער נית געווען קיין פרעמדער, קיין מיסטעריע, נאָר אַ נאָענטער, אַן אינטימער, אַ גרויער.

## י. ל. פּרץ

וועגן פּרצ׳ן רעדט נאַדיר מיט אַ פּייערלאַכן טאָן. ער ווערט יום-טוב׳דיק ווען מען דערמאָנט פּרצ׳עס נאָמען. און נעמט ריידן אין אַ הויכן ערנסטן סטיל. אויף אברהם רייזענ׳ם אַן אוונט האָט נאַדיר געהאַלטן אַ געלונגענע רעדע וועגן רייזענ׳ען און אין פאַרבייגיין געזאָגט:

„פּרץ איז אונזער גרעסטער קינסטלער. ווייל פּרץ האָט זיך געמוזט אַליין באַשאַפן. ער האָט ניט געהאַט ווער עס זאָל אים אָנצינדן. ער האָט זיך אַליין געמוזט מאַכן ליכטיק. מיר זיינען שוין געווען אָנגעצונדענע פון אַנדערע. אָבער פּרץ האָט געברענט מיט׳ן אייגענעם פייער... פּרץ איז ניט גרוים דערמיט וואָס ער האָט געגעבן מענטשן. וואָס זיינען מענטשן? פאַרגאַנגלאַכע פונקטן צווישן צוויי אייביקייטן... פּרץ האָט באַשאַפן שאָטנס... שאָטנס וואָס אַנטהאַלטן אין זיך דעם ע ס ע נ ץ פ ו ן ד אָ ס א י י ב י ק ע... שאָטנס זיינען מיסטע-ריעזע סימבאָלן פון דער רעאַליטעט... עס קען זיין אַז אַלץ לעבט אויף דער וועלט בלויז צוליב דעם, אַז עס זאָל פון זיך אָפּוואַרפן שאָטנס... און פּרץ האָט באַשאַפן שאָטנס וואָס וועלן לעבן א י י ב י ק... שאָטנס קערן זיך נענטער אָן מיט דער אייביקייט, ווייל די אייביקייט אַליין איז אַ שאָטן...“

## אברהם רייזען

וועגן רייזענ׳ען האָט נאַדיר גערעדט וואַרים, גוט-ברידערלאַך, אָבער פאַרזיכטיק. אָפשר ווייל ביי זיך אַליין אין שטוב, און רייזענ׳ען אין די אויגן:

„רייזען האָט זיך באַשאַפן אַן אייגענעם אינזל, אַן אינזל פון קונסט. אויף יענעם אינזל הערשט רייזען ווי אַן אמת׳ער אינזל-קעניג. שטופּט מען אים אָבער אַרונטער

פון דעם קונסט-אינזל, ווערט ער אומבאַהאָלפן און פאַלט אין וואַסער אַריין... ווייל רייזען איז דורך און דורך שריפטשטעלער. ער האָט אַ ליטעראַרישע באַציאונג צום לעבן. אַלץ און אַלע וואָס קומען אים אַנטקעגן אויף זיין וועג, באַגריסט ער מיט אַ פעדער אין דער האַנט. די זון איז ביי אים אַ פלאַש מיט גאָלדענע טינט. איך פאַרברענג אויך אַ פּאָר שעה אויף דעם קונסט-אינזל, אָבער די איבע-ריקע צייט פאָר איך אויף אַ שיפל, שפּיל ביליאַרד, באָדט זיך צוזאַמען מיט ערדישע נימפן... און מי זיך ווי ווייט מעגלאַך נישט צו באַצאָלן קיין חובות"...

פריוואַט האָט מיר נאַדיר אייניגע מאָל געזאָגט: אַז ער האַלט רייזענ'ען פאַר דעם חסיד'ישסטן פון אַלע אונזע-רע שרייבער.

„ער איז נישט אַ חסיד פון זיין רבין, נאָר אויך אַ גרויסער חסיד פון... זיינע חסידים. רייזען האָט הנאה נישט נאָר פון דעם וואָס מ'גיט אים „שישי", נאָר אפילו פון הגבה-גלילה — רייזען האָט אַ פיזישע הנאה פון... בויען קונסט, און פון בלאָזן אינ'ם קונסט-טרומייטער! רייזען איז דער גרויסער מאמין, דער גרויסער נישט-אויס-זאָגער פון סודות, וואָס ער ווייסט... נישט; אָבער ריי-זען'ס קאָפּ איז דאָס שטראַלנדיקע קרענצל פון הייליקייט. ער פאַרהייליגט און פאַרגיט אַלצדינג — אפילו זיינע איי-גענע שוואַכקייטן איז באַ אים נישט שווער צו פאַרהייליקן! אפילו זיין אייגענע זינד קען ער זיך פאַרגעבן אין אַ מינו'ט, ווייל ער ווייסט, אַז אַ מענטש איז נישט מער ווי אַ מענטש, און אַז די גאָטהייט האָט ליב דעם מענטשן בלויז אַלס אַ... ווערק, אָבער נישט אַלס אַ קאָנקורענט.

## אַש

דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס נאַדיר, דער סקעפּטיקער, דער אויפליייזער פון אַלע טראַדיציעס, גלויבנס און דאָגמאַס, דער אויסלאַכער פון פאַרהייליקטן, ער, וואָס רעדוצירט אין געדאַנק אַלץ צום ניהיליזם, ער זאָל זיין באַגייסטערט פון אש'ן דעם דיכטער פון טראַדיציע און גלויבן. ער, וואָס האַלט, אַז טאָלסטאָי איז אַן איבערטריבענע גרויסקייט.

— איז ניט דער טויט פון איוואַן איליטש אַן אומפאַרגלייכבאַר מייסטערווערק?

נ אַ ד י ר : אמת, דאָס איז זיין בעסט בוך. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ קונסט, ווען מען זעט ווי אַ מענטש האַלט ביים שטאַרבן, צי שפּיאָנירן זיין יעדע מינע, און פאַרצייכענען זיין יעדן פינטל מיט'ן אויג?

א י ך : אָבער וואָס פאַר אַ איבערמענטשלאַכן זכרון טאָלסטאָי האָט געהאַט?

נ'אַ ד י ר : יאָ, אַ זכרון האָט ער געהאַט אַ געניאַלן. און גרויס איז ער געווען אַלס עטישער לערער. די מענטשהייט וועט נאָך אַמאָל מוזן קומען צו אים. ווען זי וועט האָבן צייט. דערווייל האָט זיך די וועלט צוגעכאַפּט צו אַרציבאַשעוו'ס וואולגאַרער עראָטיק, זיך פאַרכליניעט מיט זיינע אויפגעדעקטע ליידעמשאַפטן. — נאַדיר האָט ליב אויסלייגן דאָס חנ'עוודיקע וואָרט ליידנשאַפט מיט אַ מ ע ם : ליידעמשאַפט. —

איך האָב צוגעגעבן, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די וועלט האָט ליב זיך צו שפּיגלען אין איר אייגענער בלאָטע,... האָט ער מיר דערלאַנגט די האַנט פון גרויס צופרידנקייט.

ער זאָגט: „אויסגעלאַסענע ליטעראַטור איז ווי אַן אויסגעלאַסענע פרוי. בלויז די שענסטע האָט די ווערט מען זאָל פאַרברענגען מיט איר."

מער פון אַלע שריפטשטעלער אימפּאָנירט אים דאָ־סטאָיעווסקי. דער רום דאָסטאָיעווסקי איז דער אויפרייסער פון דאָס פאַרשטיינערטע אין דער טיפעניש פון דעם מענטשנס אינערלאַכער וועלט... ער האָט ניט, ווי ניטשע, מיט פראַזן מעסערם אַנאַליזירט דעם מענטשנס פסיכישע פאַרבאָרגענישן. ער האָט אין אונז אריינגעשפיגלט דעם פאַטאַלן כאַאָס פון דער גייסטיקער וועלט מיט אַ געניאַלער קראַפט...

אָבער, דאָס איז דאָך אין קאָנטראַסט צו אַש׳ס שרייבן. אַש פאַרדעקט און פאַרפאַרבט די מענטשלאַכע אָפּגרונטן און קומט צו אונז מיט אויסגעפוצטע יום־טוב׳דיקע נשמות. אין אַש׳ן רייצט אים טאַקע דער קאָנטראַסט: די פאַר־הערלאַכטע אידישקייט. די קינסטלערישע שבת׳דיקייט. ער האָט ליב אַש׳ס פילפאַרביגקייט.

„ביי אַש׳ן, זאָגט ער, איז דאָ די פרייד פון אַ קימפּעטורן — די פרייד פון געבורט.״

ווייל נאַדיר זעט אַלץ דורך דעם ליכט פון פאַרגאַנגלאַכקייט, דערפאַר צינדט אים אָן אַש׳ס פייערלאַכקייט און טראַדיציע פעסטקייט.

## בערגעלסאָן

מיך האָט געוואונדערט צו הערן אַז נאַדיר האַלט פון בערגעלסאָנען. ער דענקט אַז בערגעלסאָן איז „אַ גוטער פאָרטרעט־מאַלער פון האַלבע און דריי פערטלדיקע מענטשן.״

## יהואש

וועגן אונזערע עלטערע דיכטער רעדט נאַדיר ניט מיט ביסלדיקער באַגייסטערונג; אָבער ער באַציט זיך צו זיי מיט גרויס דרך ארץ. וועגן יהואש׳ן ווייזט נאַדיר אָפּט ארויס אַ חרטה. ער זאָגט אַז:

„יהואש'עס אַרבעט איז פון אַ ריין קינסטלעריש שווישפּילערישער מדרגה. ער איז אַליין זיין ווערק. און פּונקט ווי אַ שווישפּילער וואָס שפּילט זיך אַליין, קען קיימאָל קיין פעלער נישט מאַכן, אַזוי קען יהואש קיינמאָל אומערלאַך נישט זיין. אויף די אַנדערע, די גרויס גע־וואָרענע, ליגט די גרויסקייט אַפּט אַביסל צו גרויס... זיי קענען זיך אין איר נישט געפינען — — אויף יהואש'ן ליגט די גרויסקייט ווי אַן אַלט איינגעטראָגן קלייד. הענגט נישט ביי אים אויף קיין געקויפטן הענגער, נאָר אויף זיינע אייגענע אַקסלען. יהואש טראָגט זיין גרויסקייט ווי אַ גרויסער מענטש... בייגט זיך נישט אונטער איר."

## ליעסין

„ליעסין דער גרינער אינזל. טויטע אינזלען קענט איר, דער טאַלאַנטלאָזער בעקלין אין די שלעכטע ליטאָ־גראַפיעס, האָבן עס מפורסים געמאַכט. אָבער די שטילע זיכערע גרינע אינזלען אין מיטן ים, קענט איר זיי?

פאַר ליעסינ'ען איז אידישקייט נישט קיין לאַנד וואו ציטראָנען בליען, נאָר וואו עס בליט דער אידישער גייסט. ליעסין איז ווי אַ טורים-וועכטער, וואָס וואַרפט דאָס ליכט אויפן ים אַרום. ווייזט וואו געפאַר איז, און אַליין איז ער עלנט אויף זיין הויכן טורים.

דער דורכגעליכטיקטער דיכטער, האָט זיך אין אַ סך פּובליציסטישע בגדי כהנה פאַרוויקלט, און אַ שאָד איז עס וואָס זיין אַפּגלאַנץ איז אויף דעם האַרטן ניצלאַכן גאָלד פון אידייען, אַנשטאָט אויף דעם שטילן פערלמוטער פון חלומות.

ליעסין דער דיכטער, איז ווי אַ קרוג וואָס איז צו ווינציק פאַר דעם איבערפליסנדיקן וויין. ערגאַ: ליעסין דער פּובליציסט.

ליעסינ׳ס דיכטונג איז ווי אַן אַלטמאָדישע זילבער עטרה אויף אַן ערלאַכן אַלטן טלית. עס איז דער שיין פון פרומקייט, וואָס מאַכט דאָס שיינע גוט און דאָס גוטע שענער. ליעסין איז ניט קיין פאָרם-זוכער. דער אמת איז זיין פאָרם. און ליעסינ׳ס ברייטע, שטילע, אומרואיקע דיכטונג איז ווי אַ ברייט וואַסער וואָס פליסט טריי און זיכער. איר קענט אָבער זיין גאַנג נישט זען, סיידן עס פאַלט דאַרויף אַ בלעטל פון אַ בוים. דעמאָלט זעט איר דער טייך גייט. נישט קיין קעסלגרוב פון טעמפעראַמענטן, נישט קיין ליבע-זינגער אין סאַמעטענע קני-הויזן און אַ גיטאַרע, נאָר אַ זיידן פאַר׳חלומ׳טער בחור, מיט די אויגן צו אַלע הימלען, מיט׳ן הארץ צו אַלע וועלטן.

ליעסין, דער מענטש ביי וועמען יעדער געדאַנק איז פירעקעדיק און גרינג-אמת, דערגייט אויך אין זיינע לידער צו דער מדרגה וואָס איז טרייסטנדיק און גוט ווי דער וואַרימער פוס פון אַ געליבטער אויף דיין קאַלטן פוס.

ליעסינ׳ס חלומות פליען נישט אין דער לופט, ווערן נישט סלינע און שפייעכץ, זיינען אויך נישט קיין פאַפירענע באַלונען, וואָס קינדער לאָזן אַרויף צום הימל און מער זעט מען זיי נישט. נאָר זיי זיינען הירשן-טריט אויף יונגער ערד. ליעסין פלינדערט נישט אוים זיינע אוצרות, פאַלט נישט אָן אויף זיין טאַלאַנט מיט אַ מעסער: „גיב אַהער!“ באַגייט זיך נישט מיט זיך אפילו מיט מדות הדין, נאָר מיט מדות הרחמים. ליעסין געטרויט זיך. ליעסינס מוזינקעלע איז אַ שטיל, געטריי, פרום שוועסטערל, וואָס אַז זי קומט נישט היינט, קומט זי מאָרגן. אָבער אַז זי קומט, קומט זי שוין איינמאָל. אין איר פאַדעלעק זיינען איידלשטיינער און וויינפערלאַך, לבנות און קרעלן, איילבערטן און מאַנדלען, וגם שלך המנות פאַר אונזערע אָרימע קינדערלאַך נעבעך.“

נאַדיר זאָגט: „פונקט ווי איך האָב פיינט אַ אידישן אידן-פריינט, אַזוי האָב איך פיינט אַ אידישן שריפט-

שטעלער, וואָס גרויסט זיך מיט זיין ליבשאַפט צו אַרבע־טער.

אידישע דיכטער האָבן ביז היינט ב״ה, נישט געהאַט קיין טאַטעס מיליאָנערן, זיינען אַליין מער אָדער ווייניקער אַרבעטער, און דאָס מינדסטע וואָס אַזאַ מענטש דאַרף זיין איז, אַן אַרבעטער פריינט.

ליעסינ׳ס לעבן איז אָנגעזאָפּט מיט רחמנות, מיט צער פאַר דעם פלאַש, וואָס האַלט דעם וויין, קען דעם וויין נישט טרינקען. אָבער שטופּט ער דען זיין באַשיידנ־קייט פאַרויס אין אַ baby carriage ניין, פרומלאָך באַשיידן ווינשט ער זיין גייסטיקן שונא אַלדאַסגוטס, און בעט מען זאָל למען השם ניט אָפּדערציילן. ווי ביי נאָמ־בערגן, איז דאָס וואָרט ביי ליעסינ׳ען נישט קיין פּוסטער צירונג, נאָר אַ רעטונגס־שיפל. ביי אַנדערע זיינען די רעטונגס־שיפלאָך אין האָפן אַזוי פיל, אַז אין פאַל פון געפאַר, קען מען קיין איין שיפל נישט באַוועגן. ליעסינ׳ס געדאַנק אָבער, לאָזט אַרום זיך אַ ברייטן קרייז, לאָזט פלאַץ אַרוים־צובאַוועגן זיך פון סאָציאַל־רעאַלן פלאַכוואַסער אויפן ברייטן ים פון חלומות.

ליעסין איז נישט קיין אָפּגעריסן קעיט־רינגל ווי עס זיי־נען ס׳רוב אידישע דיכטער, צו אַן עטיק צוגעוואַקסן, צו אַ קולטור צוגעבונדן, אין דער סאַמע סכעמע פון אונזער טראַדיציע אַריינגעוועבט, איז ער נישט קיין פאָדעם פאַר זיך, נאָר ווי אַ פאָדים אין אַ ברייט־געוועב, וואָס אַז איר רירט אים, רירט איר דאָס גאַנצע געוועב.

נישט קיין נס, נישט קיין וואונדערקינד, נאָר דער גרעסערער וואונדער פון אונזער געוויינלאַכן לעבן, דער וואונדער פון אַ רעגן וואָס גייט, פון אַ פעלד וואָס בליט, פון דער בעסטער זאַנג, וואָס איז בלויז מיט אַ קאָפּ העכער פון אַנדערע. תלמיד־חכם׳דיק אין זיין אומגאַנג מיט מענטשן, זוהר׳דיק־מיסטעריעז אין זיין פּראַסטקייט, איז ער איינער פון די, וועמעס לידער וועלן לעבן ווי לאַנג זיי וועלן האָבן כח

## ל. שאַפּיראָ

„שאַפּיראָ איז אַ הייליקער עקשן. ער איז געקומען, געזען און פאַרלוירן. ניט פון נצחון איז זיין זיגער־קראַנץ, נאָר פון דורכפאַלן. זיינע מעדאַלן זיינען ניט פון גאָלד, נאָר פון וואונדן.

עס איז דאָ אַ מעשה וועגן אַ אידן, וואָס איז געקומען צו אַ קייזער און גענומען ריידן צו אים אויף אַזאַ הויך קול, אַז דער קייזער האָט זיך דערשראָקן פאַר אים:

— וואָס שרייסטו אַזוי הויך, האָט דער קייזער געפרעגט?

— נישט איך שריי, ענטפערט דער איד, אין מיר שרייט און וויינט דאָס קול פון אַ גאַנץ פאָלק.

שאַפּיראָ רעדט הויך. אָבער עס איז נישט דאָס קליין־גרויסע א י ך ־ ג ע ש ר י י, אפילו ניט דאָס געשריי פון איינעם, וואָס שטייט ביז צום האַרץ אין פייער, נאָר דאָס ווילדע געשריי פון איינעם וואָס לויפט וואָרענען אַן אָנקומענדיקן צוג פון געפאַר.

שאַפּיראָ'ס וואָרט איז ניט קיין פליִיט אויף וועלכער מען בלאָזט ווי מען וויל, ביי אים איז דאָס וואָרט די ליפּ אַליין, דער אָטעם. דאָס וואָרט־לשון אין אור־ערשטן פּרי־מיטיוון באַנוץ. היינט איז שפּראַך, וואָס די צונג שפּייט אוים. ביי די נביאים איז דאָס געווען די צונג און דער גומען. שאַפּיראָ פאַרניטעוועט דאָס וואָרט פון אַלע זייטן אַזוי, אַז איר קענט דערצו נישט צוטראַכטן, איר קענט נישט דערפון אַרונטערטראַכטן. עס איז וואָג און וואָג־שאָל אין דער זעלבער צייט.

נישט ווי קיין שטראָפער, נישט ווי קיין מקונן איז געקומען שאַפּיראָ, נישט מיט קיין זאַק אַש אויף די לענדן, ווי ביאַליק, ער האָט נישט גע'צער'ט און געצאַרנט, נישט געשיגט קיין זאַלץ אויף אונזערע וואונדן. נאָר אויפגע־עפנט אַן אָדער ביים שונא און אַהין אַריינגעשפּריצט דעם

גיפט פון זיין אייגענער וואונד. ער האָט נישט אויסגע־פרופט דעם סם אויף אַן אומשולדיק קראָליקל, צו זען צי דער הונט איז טאַקע משוגע, נאָר אריינגעשטופט אַ גלי־ענדיק אייזן אין דעם הונט׳ס מויל און גענומען זיין נקמה. ווי דער געבענטשטער און שטאָלצער שיילאָק, איז ער גע־קומען, געפאָדערט זיין פונט פלייש פון סאַמע לעבן הארץ. דוקאַטן, ווערטער, מליצה, אַפּאָלאָגיעס, אַ דאַנק סיניאָר, איך וויל מיין פונט פלייש. אמת, די געשיכטע איז אַ גוטע בוכהאַלטערן, זי פאַרשרייבט, אָבער איך וויל מיינס אין רויטע רענדלאַך.

יעזוס, דו מיין פּאָגראָמירטער ברודער, דו ביסט אַ נאַר, אַז מען פּאַטשט דיך אויף איין באַק קענסטו אויפ־שטעלן אַ צווייטע באַק, אָבער וויפל באַקן האָט אַ מענטש? ניין ברודערשי, דו פאַרטראַכט דיך נאָך אַמאָל אין משה׳ס געזעצביכל: אַן אויג פאַר אַן אויג, נאָך בעסער, — צוויי אויגן פאַר אַן אויג, דריי אויגן.... אונזער אויג האָט סיי ווי סיי מער ווערט ווי אייערס. איר קענט זיך אַן אויגן אויך באַגיין, מ י ר וועלן זען פאַר אייך, מיר זיינען די אויגן פון דער וועלט.

שאַפּיראָ האָט דאָס אָפּגעזאָגט, גייט ער נישט אַרויס אויפן באַלקאָן זיך פאַרנייגן פאַרן פּובליקום, הייסט זיך נישט אַריינשיסן ראַזשענקעלאַך אין מויל אריין נאָר קריכט אַראָפּ אין זיין קעלערקאַפּע אויף איסט בראָדוויי, פאַרויכערט זיך אַ דין פּאַפּירעסל, רעדט שטיל און איידל צו זיין אַלטער מאַמען, דערלאַנגט אַ חבר אַ גלעזל ברוין־אומעטיקע טיי, שטעלט זיך אַוועק לעבן פענסטער און קוקט דורך זיינע ברילן וואָס זיינען ווי בעלמעס, אין דער לאַנגער שווערער וועלט אַריין. און אפילו נישט ווי אַן אַפּאָסטל!

נישט קיין וועלט־באַרימטער ראַדירער, און נישט קיין פאַרבן־בלאָזער, וועלן זיי בילד איינגראַווירן, אויף פאַרמעט־בלעטער, אָדער אויף טעמפּל־שויבן. עס איז נישט באַ־קאַנט אַז שאַפּיראָ זאָל זיך אַמאָל האָבן געלאָזט פּאָטאָ־

גראַפירן; אָדער אויף אַן אַנדער אופן קאָנסערווירן זיין געשטאַלט פאַר די דורות פון איבערמאָרגן.

ביז שאַפּיראַ׳ן איז די אידישע שנאה צו גוים געווען ווי וואַקס אַנטקעגן פייער, איצט איז דאָס געוואָרן מעטאַל. האָט אָפּגעקלונגען, די פּיילן צוריקגעוואָרפן. אַ שטאָלע־נער פּאַנצער איז געוואָרן די שנאה אויף אונזער האַרץ. טויט אונז, און איר טויט אייער קריסטלאַכקייט. נעמט נקמה אָן אונז, פאַר דעם כלומרשט פאַרגאָסענעם בלוט פון אייער גאָט, דאָס נקמה געפּיל א ל י י ן , וועט אייך פאַראידישן.

שאַפּיראָ שרייבט נישט מיט געקרייזלטע אותיות, זיינע זאַצן זיינען טשוועקעס אין די אויגן. זיין גראַ־ציעזע ליניע איז די ליניע פון אַ שווערד, וואָס שניידט אויף אַ בויך. שאַפּיראָ טראָגט נישט קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּאַקעל אין האַנט, נאָר ער צינדט אונטער זיין האַנט און זי איז אַ פּאַקעל. ס׳איז אמת, זיין מאַשקע ליגט ביים פּריץ׳ס פּיס, אָבער דעם פּריץ׳ס אָפּגעביסענער פּוס־פינגער, זאָגט עדות, אַז די אידישע שפּל׳קייט האָט אירע פּאָדקאַ־וועס פאַרלוירן. שאַפּיראָ האַלט, אויב אונזער גאָט נעמט זיך נישט אָן פאַר אונז, דאַרפן מיר זיין גרויסמוטיקער פאַר אונזער גאָט און זיך אַנעמען פאַר אים.

איצט זיצט שאַפּיראָ אינ׳ם זון־פאַרפּאַטשקעטן קאַלי־פאָרניע, עסט (אָדער עסט נישט) מאַראַנצן, קייט, (אָדער קייט נישט) וויינטרויבן, קוקט מסתמא דורך זיינע פאַר־בעלמעטע ברילן אין דער לאַנגער וועלט אַריין, טראַכט: (אָדער טראַכט נישט) — עפּעס שוין עטלאַכע טעג נישט געווען קיין אַרטיקל אין די אידישע בלעטער וועגן דעם נייעם געטראַנק „אַפּאָלינאַרים" . . .

# ראַבאַי

„ראַבאַי האָט אַ סך שפּאַצירגאַנג, אַ סך גוטן ריטם, זיינע וועגן זיינען ליכטיקע וואַלד־וועגן וואָס זיינען ניט לאַנג, נאָר ער קען זיך ניט אויסקערעווען, ווען ער פאָרט מיט זיין וועגעלע ווערטער, ווייל זיי פירן אין ערגעץ נישט, חוץ צו דער קליינער סטאַנציע וואָס רופט זיך אייביג־קייט, וואו מען קויפט איין דאָס קוואַטירל נאָכט פאַר די שווערע נעכט."

ראַבאַי, זאָגט נאַדיר, דערמאָנט אָן אַ אידן וואָס האָט זיך געקויפט אַ פיין בריטשקעלע, מיט אַ פערדל, נאָר אויסקערעווען קען ער נישט. פאָרט ער צענדליקער מייל אויסן וועג, צום ברייטן פּלאַץ, וואו מען קען זיך אויס־דרייען. אַז מען פרעגט אים וואוהין פאָרט איר? ענטפערט ער: וואוהין זאָל איך פאָרן? איך פאָר זיך אויסדרייען.

„דער טרייסטנדיקער ריטם פון ראַבאַי'ס נאָוועלן, זאָגט נאַדיר, איז ווי אַ זייגערל אָן ווייזערס פאַר אַ מענטשן וואָס איז פאַרבלאָנדזשעט אין אַ בלענדנדיקער שניי וויסטע־ניש. אמת מען קען פון דעם דאָזיקן זייגערל נישט וויסן ווי שפּעט עס איז, אָבער פאָרט איז עס אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס טרייסט און באַרואיקט ווען מען לייגט עס צו צום אויער."

נאַדיר האָט זיך געכאַפּט, אַז פון דעם פאַרגלייך קען מען שרייבן אַ פיינע מעשה, און ער האָט דאָס טאַקע באַלד פאַרצייכנט אין זיין נאָטיץ ביכל. קען זיין, ער האָט עס שוין אָפּגעדרוקט.

## אַפּאַטאַשו

„אַפּאַטאַשו איז דאָס נאַקעטע אויג. אַן אויג, וואָס קען זען אַלצדינג, אַפילו דעם ווינט. אַן אומ׳רחמנות׳דיק אויג. ווי דאָס אויג פון אַ קאַמערא אָבסקורא. נאָר ער דערוועגט זיך נישט אַרויסצונעמען זיינע פילמען אויף גאָט׳ס דערבאַרימדיקער ליכטיקייט. זיי וועלן שוואַרץ ווערן, אָפּגעמעקט ווערן.

אַפּאַטאַשו איז ווי אַ שווישפּילער וואָס הובעלט מיט אַן אמת׳ן הובעל. אָבער די וואָס זיינען איינגעשוואוירן אין דעם פאַך, ווייסן אַז באַשאַפן אַ הובל־עפעקט אָן אַ הובעל איז אַ וויכטיקערער אמת.

אַפּאַטאַשו רייסט אויף זייפנבלאָזן מיט דינאַמיט. אַמאָל דער׳הרג׳עט ער אין איין וועג דאָס קינד וואָס מאַכט די זייפנבלאָזן. אָבער וואָס מאַכט עס אוים? די קונסט איז איבער אַלעם!

אין צוויי טויזנט יאָר אַרום וועלן מיר וויסן ווער עס איז גערעכט: איך, צי ער, צי מיר ביידע.“

## ראַלניק

פון די אינגערע אידישע דיכטער האַלט נאַדיר אַ סך פון ראַלניק׳ן.

„ראַלניק איז אַן עכטער ליריקער, פון דער נאַטור׳ס גענאַד. ער שפּייזט זיינע לידער מיט האַרצפּעניצלאַך. זיין ליריזם איז קיינמאָל ניט פאַרפרעמדט פון זיין פּערזענלאַכקייט. מיט אַלעמען קען ראַלניק ווערן פאַרפרעמדט און דערווייטערט, אָבער מיט זיין ליד איז ער איינס.“

## מאַני לייב

פון מאַני לייב׳ן האַלט נאַדיר ווייניקער ווי ער וואָלט באַדאַרפט. איינמאָל האָט ער מיר געזאָגט: „מאַני לייב

האָט בלויז עטלאַכע גוטע לידער: „אינגל צינגל כוואַט“ און ענלאַכע לידער־שפּילן“. ווען איך האָב מיט אים גערעדט אַ צווייטן מאָל האָט ער צוגעגעבן אַז: „מאַני לייב איז צווישן די פיינסטע נחת דיכטער. אָפּטמאָל הערט מען נישט דאָס געזאַנג פון זיין פידל, אָבער דער איידעלער מאַך מיט דער האַנט איז אַזוי גראַציעז, אַז דאָס אַליין איז ווי געזאַנג“.

## מ. ל. האַלפּערן

וועגן האַלפּערן רעדט ער אויף אַ מאָדנעם אופן. ער זאָגט:

„ביי משה לייב האַלפּערן ווערן ניט קיין זאַכן, נאָר זיי וואַקסן ביי אים אונטער די הענט ווען ער אַרבעט איבער זיי. ער שאַפט ווי אַ סקולפּטאָר — פון דומע, רויע שטיינער נאַרט ער אַרויס פאַנטאַסטישע געשטאַלטן. האַלפּערן פאַרשטעלט זיין וואולוואוירט געביידע מיט רישטאַוואַניעס. אָפּטמאָל קען מען דורך די רישטאַוואַניעס די געביידע ניט זען... אָבער אפילו דעמאָלט איז די רישטאָוואַניע אַליין אַ מייסטערווערק.

ביי משה לייב האַלפּערן זעט זיך אייביק בלוט, אפילו ווען ער קוילעט הוילע לופט... אפשר איז דאָס בלוט ניט די לופט׳ס, נאָר זיין אייגענס... אָבער דער חלף איז ביי אים אַ נויטיקער, נוצלאַכער אינסטרומענט. די אַנדערע שוטים אין קטנים וואָס האַלטן אַז לויטן דין מעגן זיי אויך קוילן, קוילן געוויינטלאַך ניט מער ווי אַנגעבלאָזענע פאַנכירן...“

## זישא לאַנדוי

„זישאַ לאַנדוי, זאָגט נאַדיר, שרייבט נייע פיינע לידער, נאָר ער מאַכט זיי אויסזען אַלט, אַנטיקוואַריש. זישאַ לאַנדוי איז פון יענע איידעלע גבירים וואָס צעקנייטשן נייע זאַכן כדי זיי זאָלן אויסזען אַלט.“

## י. י. שוואַרץ

נאַדיר האַלט פון י. י. שוואַרץ'ן פיל, נאַר ריידן רעדט ער וועגן אים ווייניק. ער זאָגט:

„י. י. שוואַרץ האָט אויפסניי ענטדעקט אַמעריקע פאַר אונז. זיינע לידער פון קענטאַקי זיינען אַזוי סופּער־אַמע־ריקאַניש, אַז די „סטעטשו אָוו ליבערטי" דאַרף זיך שעמען פאַר זיי אין איר וויטן האַלז אַריין."

## לייוויק

פון לייוויק'ן האָט נאַדיר געהאַלטן מער, ווען ער האָט ווייניקער געשריבן. איצט זאָגט נאַדיר:

„לייוויק האַלט אין איין איבערטראַגישן זיין אַמאַליקן טראַגיזם. ער בייסט זיך די הויט, כדי צו קענען איבער־ווײנען זיין אַמאַליקן געוויין.

לייוויק וואָלט געוועט געקענט זיין אַ נביא, ווען מען זאָל אים ניט געוועט אַנזאָגן... ער האָט נישט געטאָרט וויסן דערפון. ברענגען משיח'ן קען בלויז איינער, וואָס גלויבט נישט אַז ער איז עס אַליין... משיח האָט פיינט קאָנקורענטן. לייוויק איז אַמעריקאַניש אין זיין משיח־מע־טאָד. געהערט אַז עס איז פאַראַן אַ משיח, איז ער אַוועק און אים געבראַכט — — וואָס טוט מען מיט אַ משיח וואָס איז שוין דאָ? — לונא פּאַרק האָט גרעסערע אַטראַקציעס. דעפּאָרטירן אים? — ווייסט ער נישט וואָס פאַר אַ לאַנדס־מאַן ער איז. און די קוואָטע פון משיחים איז שוין פאַר־פולט פאַר'ן היינטיקן יאָרהונדערט...

דאָס איז לייוויק, דער פאַרבלאָנדזשעטער זוכער פון דעם פאַרבלאָנדזשעטן משיח. אָבער דער לייוויק וואָס איז נאָך נישט דערטרונקען אין מאַסקעס, איז קאַלט פייער. קאָכן דערביי קען מען נישט, וואַרימען זיך דערביי אויך נישט. נאָר זען די גרויסע פינסטערניש אַרום זיך, קען מען יאָ, מיט דער הילף פון אַזאַ קאַלטער ליכטיקייט."

## מנחם

וועגן מנחם׳ען רעדט נאַדיר אין אַ לייכט סאַטירישן טאָן:

„מנחם איז דער פאַרקנייטשטער שטערן פון דער אידישער ליטעראַטור. אַמאָל, ווען מיר זיינען געווען קינדער, האָבן מיר געוואוסט, אַז קנייטשן אויפן שטערן הייסט זינד — היינט ווייסן מיר, אַז אַ מענטש האָט קנייטשן אויפן שטערן, איז אַ סימן אַז ער האָט קנייטשן אויפן שטערן...

„מנחם וויינט און קלאָגט און עסט קרעפּלאַך — נישט פאַר אייך געדאַכט — אויפן חורבן פון בית שישי. מנחם אַרבעט ביי דער אידישער ליטעראַטור אַלס פיין אויסגעקאַמטע ברייטלאַכע באָרד. מנחם׳ס צער ווערט אייך סערווירט מיט אַ קאַרש פון אויבן... זיין „אַרויסגעריסן האַרץ" איז אַביסל פאַרקילטע, רויטע זשעלאַטין אויף אַ טעלער... רעטעניש: וואָס איז דאָס? ס׳איז רויט, ס׳צאַפּלט זיך, און ס׳איז נישט קיין האַרץ?.... — — — געטראָפן!

מנחם ציט ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדעם, דער פאָדעם איז שוין לאַנג אַרויס פון זיינע הענט, אָבער ער מאַכט נאָך אַלץ דעם אַנשטעל, אַז ער ציט. אָבער אַ נס פּשוט, וואָס דער פאָדעם איז אַזוי דין, אַז מען קען אים ניט זען מיטן הוילן אויג.

מנחם העקלט אוים זאָקן פאַר׳ן כהן גדול. אָבער דער כהן גדול איז שוין לאַנג טויט... אָדער האָט זיך גע׳שמד׳ט אויף אַ רעפּובליקאַנער.

מנחם שמייכלט און זאָגט אונז גוטמאָרגן. אָבער יעדעס מאָל ווען ער זאָגט אונז גוטמאָרגן ענטפערן מיר אים: ווער האָט דיר געזאָגט? אַז ער גיט אונז אָפּ מזל טוב, הייסען מיר אים אונטערשרייבן שוואַרץ אויף וויס...

מנחם איז אַ גוטער זשורנאַליסט. אפילו זיינע לידער האָבן אָפט אַן אויסטערלישן שבת-חן. מנחם קען זאָגן אַ

פשוט'ן אמת אזוי, אַז עס באַקומט זיך די אילוזיע פון אַן אויסגעצייכנטן ליגן . . ."

## מאַרק שווייד

„מאַרק שווייד שרייבט אויף פּאַרמעט מיט אַן אַלטער געגזענער פעדער, זיין טינטער איז אַ לאַגל. זיין טעמע איז אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ שאָטן פון שניי אין אַ שפּיגל. זיין מאָטיף איז אויב נישט נאָך העכער, פּרצ'עס יום שכולו שבת איז ביי שווייד'ן יום שכולו יום. איינמאָל איינס מיט שוואַרצן פייער אויף ווייסן פייער. שווייד איז ווי אַ גאָלד־שמיט וואָס פון שטענדיקן גאָלדשטויב איז אים די באָרד געוואָרן אַ גאָלדענע. שווייד האָט זיך פאַרשטאָכן אַן אויג מיט אַן ערדקוגל. לייגט ער צו אַ פראַנצויזישע טאַשן־טיכל צום אויג, זעט ער שוין נישט מער דעם ערד־קוגל, נאָר דאָס טאַשן־טיכל . . . און דאָס פריצאַלע אויפ'ן טאַשן־טיכל. אָך, וואָס פאַר אַ פיין גרין שימערל זי טראָגט. באַראַלע ריעטקאַ, זיי געזונט, סערוואוס, איך קיסע די האַנט. יעסטשע פּאָלסקאַ לאָ עובדה ! . . .

און מען מוז לויפן אויף רעפּעטיציע. שאַ, וואו האָט ער היינט ביינאַכט אַ לעקציע ?

## טשעסטער

טשעסטער איז ווי אַ ליכטשטראַל וואָס איז אויסגעבויגן אויף זיך אַליין. צוליב דער אויסגעבויגענער ליניע, דערגרייכט דאָס ליכט נישט צו די הויכע באַרג שפּיצן, דרינגט אפשר אויך ניט צו פאַרפלאָנטערטע וואַלד־טיפענישן, פון אונזער נשמה, אָבער אויף זיין אייגענעם פנים פאַלט דערפאַר אַ גרויסע און גוטע ליכטיקייט.

טשעסטער'ס קונסט ווירקט צוריק אויף טשעסטער'ן. פורעמט אים. מאַכט אים דורכזיכטיקער, טרייבט אים צו־

ריק ביז צום לעצטן באַהאַלטעניש. אין טשעסטער'ן איז דער געשריי פון אַ פּאַרוואונדעטע חיה, וואָס ווייסט נישט וואו די וואונד איז. מיינט אַז די לימענע לבנה אויפ'ן הימל איז איר געשוויר. אַ ווילד רעדל וואָס האָט זיך אָפּ־געריסן פון גאַנצן מעכאַניזם, דרייט זיך מורא'דיק שנעל, באַוועגט קיין זאַך נישט, באַשאַפט בלויז ענערגיע אין זיך אַליין. צוליב וואָס טאַקע זאָל דאָס רעדל זאָרגן פאַר דער מאַשין? ווען דאָס דרייען זיך פאַר זיך אַליין איז אויך, גענוג פאַטאַלער צייטפאַרטרייב?

## וועגן אונזער שפּראַך

נאַדיר גלויבט אַז אידיש האָט גאָר אַ רייכע צוקונפט. דאָס אידישע טעאַטער צעבליט זיך ערשט. די אידישע לי־טעראַטור ווערט רייף. צוזאַמען מיטן טעאַטער וואַקסט די אידישע דראַמע. און צוזאַמען מיט דער אידישער ליטע־ראַטור ווערט רייף די אידישע שפּראַך...

אויף אַ קאָנצערט פאַר אַ שלום עליכם שול, האָט נאַ־דיר געהאַלטן אַ רעדע, און צווישן פילע הומאָריסטישע און ערנסטע איינפאַלן, האָט נאַדיר אַרויסגעזאָגט דעם גע־דאַנק:

„וואָס פאַר אַ פּראָבלעם איז ביי אונז וועלכע זאָל זיין אונזער נאַציאָנאַל שפּראַך — אידיש צי לשון קודש? נ אָ ך מ יי ן מ יי נ ו נ ג ד אַ ר ף ל ש ו ן ק ו ד ש ז יי ן א ו נ ז ע ר ש פּ ר אַ ך. נ אָ ר מ ע ן ד אַ ר ף ל ש ו ן ק ו ד ש ר ע ד ן א ו י ף א י ד י ש...

אויף העברעאיש האָבן מיר געקוילעט קעלבלאַך, גע־שניטן די העלזער פון אונזערע שונאים, דאָס איז אונזער אומהייליקע שפּראַך. אויף אידיש האָט מען אויף אונז געמאַכט פּאָגראָמען..."

ער האָט צוגעלייגט מיט אַ סענטימענטאַלן טאָן:

„איך בין איבערציינגט, אַז יעדער פון אייך, וועט פאַר'ן טויט זיינע לעצטע ווערטער ניט ריידן אויף קיין אַנדער שפּראַך, נ אָ ר א ו י ף א י ד י ש."

אין זיין פעליעטאָן „גרינג צו זיין אַ איד", זאָגט נאַדיר:

„אידיש איז די וואוילסטע שפּראַך אין דער וועלט. אידיש האָט דעם חן, די פרישקייט, די רויטע בלוט־פאַרב פון אַ שפּראַך וואָס לעבט אין דרויסן. און אידיש איז דאָך לשון קודש'ער ווי... לשון קודש, מחמת אויף דער שפּראַך זיינען מיר געוואָרן געזאַלבט אין בלוט, געהייליקט אין טרערן", בעת אויף לשון קודש, האָבן מיר געפּיטעם אַקטוירעסט און... געקוילעט קעלבלאַך צום סאַר צעוואָעם! אידיש האָט אויך נישט די פאַלשע פּודער שיינקייט פון די לשונות וואָס מען לערנט אין די אוניווערזיטעטן — די אויסגעצוואָגענע לשונות מיט אַ שרינט אין דער מיטן. אידיש איז גרינג צו ריידן. מאַך אויף ס'מויל, צום גוטן יאָר, און רעד! וואָס קען זיין פּשוט'ער?"

אין זיין שאַרפער פּאָלעמיק מיט ח. נ. ביאַליק, איז אויסגעדריקט נאַדירס באַציאונג צום אידנלאַנד מיט זיינע היסטאָרישע הייליקייטן:

„עס קען זיין, אַז איר, קאָלעגע ח. נ. ביאַליק, זענט אַזאַ גרויסער נביא, ווי ישעיהו אָדער ירמיה אָדער עמוס. אָבער עס גייט נישט אין דעם. עס האַנדלט זיך, פאַרשטייט איר, וועגן דעם, אַז מיר מאַמע־לשוניסטן, ווילן נישט קיין „חורבות מיט מאָדערנע איינריכטונגען". מיר ווילן נישט קיין „כותל מערבי" מיט הייס־און־קאַלט וואַסער און מיט אַ וואַנע. מיר ווילן נישט רעמאָנטירן אונזער חורב'ן עבר, סע וועט קאָסטן ביליקער און סע וועט זיין שטאַרקער, אַז מען וועט פון נ י י ע מ א ט ע ר י א ל ן אַ נייע צוקונפט בויען... און נישט נאָר פאַר די שבת־יום־טוב'דיקע אידן, נאָר אויך פאַר די מאַנטיק־דינסטיקדיקע לייט, וואָס טראָגן נישט קיין ציצית פון בלאָען תכלת — —."

# נאַדירס בריף

צו נח שטיינבערג:

...קומט צו! שלעפּט מיט אַ געצעלט פון שטעטל. שלאָגט אויף! פאַרקאַטשעט אַ שפּיץ צום הימל! דאָ וועלן מיר אַפּרוען אין סאַמע מיטן מיטל־פּונקט פון אַ ליידיקן טומל. וועלן זיך איינס ס'אַנדערע אונטערשטעלן די פּלייצעס, דערהויבן ווערן.

אודאי איז דאָס שטאַרבן אַ מיאוסע זאַך, בפרט אַז מען קוקט זיך צו ווי מענטשן טוען אַלצדינג כדי אַרויפצוכאַפּן נאָך אַ פּאָר פונטעלאַך אויפן ת...

גאָט, ווי פּריקרע, ביטערלאַך, שיין דיין וועלטאַוונע ווערט איז! נאָר וואָס צו טאָן מיט די טעג — די נייע, אויסגעבליטשטע און נישטאַוונע — ווי אַ פרישגעגלאַנצטער סאַמאָוואַר, וואָס זידט און קאָכט האַרצווייטאָק אויף מיטוואָך —

„טייכן רוישן" — זאָלן זיי! בוימלאַך — מיידלאַך, לבנות? — מ'איז איין (1) מענטש אַליין, שטיינבערג גוטער, און מער ווי אַ צעבערל מיט גליק קען מען נישט אַריינגיסן, נישט אַרויסגיסן.

ווי היינע'שי זינגט:

„זי טרענטען זיךביידע
און זאָהען זיך בלויז נאָר צו־ווייילען אים טרוים".

די אַלטע שטאַרבען — נו, מילא. מיד האָט מען שוין אויסגעלערנט זאָגען „מער ווי מיטן לעבן באַצאָלט מען נישט פאַר'ן לעבן" — אָבער ביינאַכט אין שלאָף פאַלט מען פונדעסטוועגן, און די חלומות זיינען גרינע, אַנגעשוואָלענע...

די נשמה פון דער וועלט איז זשעלאַטין... ציטערט נאַריש־מיאוסלאַך, אַפּעטיטנע, און ברייננט סלונע צום גומען. נישט שרעק נישט פרייד, נאָר —

עווהא, איך בין שוין מיד, דערשלעפּ קוים, מיט אַ געניץ. זייט געזונט און שטאַרק! היט אָפּ ס'ביסל טאַלאַנט

פירט עס אַרום אויף אַ שטריקל, און גיט אים האָרץ־פּעניצלאַך צו עסן.

משה נאַדיר.

יולי 2, 1924, לאַק שאַלדריק, נ. י.

אין אַ קאַרטל דאַטירט דעם 12טן מאַי, 1922 שרייבט מיר נאַדיר מיט אַ דינער איראָניע וועגן דער געטלאַכער השגחה:

„... קען זיין, אַז איר'ט דאָ זיין וועלן מיר, אינאיינעם קענען אָנפאַרגעסן (אין זיך אריין) אַ סך שיינע, טיפלאַכע זאַכן.

דערווייל זאָרגט ניט, נח וואוילער. גאָט איז אַ גוטער. ער שיקט צו פאַר יעדן ליידיקן יאַכנפלאַסטער זיין מכה, כדי דער פלאַסטער זאָל חלילה ניט פאַרשעמט ווערן.“

אייער,

מ. נ.

אַן אויסצוג פון נאַדירס אַ בריף צו דער „פרייהייט“, געשריבן אין אַ הייסן מאָמענט, באַלד נאָך זיין 20־יאָריקן יובילייִ, אַראַנזשירט פון דער „פרייהייט“, אין מאַנהעטען אָפּעראַ הויז.

דאָ איז אַן ענטפער אויף די טענות צו נאַדירן פאַר זיין פראַזע: „מיר איז פריקרע צו מאַכן אַ רעליגיע פון ברויט מיט פוטער“.

איך פאַרעפנטלאַך די שטעלן, וועלכע אַנטהאַלטן, לויט מיין מיינונג, זיין קינסטלערישן קרעדאָ, און זיין סופער־פילאָזאָפישע אומבאַשטימטקייט:

איך האָב געזאָגט אויף מיין אָוונט: אַ טרויער פילט אַן מיין לעבן, ווען איך הער דאָס גרויסע געשריי פון ברויט מיט פוטער, אַזוי עלנט, אַזוי אָרים זיינען די מענטשן!

איך האָב נישט געזאָגט, אַז ברויט מיט פוטער איז חלילה נישט נוצלאַך. איך האָב נאָר געזאָגט, אַז איך האָב נישט ליב קיין אידישן אוהב־ישראל... וואָס דער רמז איז געווען:

ס'מינדעסטע אין וואָס אַ מענטש דאַרף גלויבן, איז, אַז דער אַרבעטער האָט אַ רעכט אויף אַלצדינג וואָס ער פאַרדינט. און אַז מיר אַלע דאָ, אין „יאַמער־טאָל“ האָבן אַ רעכט אויף דעם צעבערל גליק, און אויף דעם מעלקשעפל מיט לבנה מילך... אָבער מען מעג

פונדעסטוועגן זיך שטעלן אויף דער זייט פון דעם מאָרגנשטערן וואָס טוט זינגען נישט ווי קיין אייגענער „יאַט“, אָדער אַ „מאַמזער“ (אַלגינס טאַשנוווערטער).

איך בין געקומען צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דערפֿאַר, ווייל זי איז געווען די שוואַכסטע פּאַרטיי, און איך (ווי איר ווייסט) האַלט דערפֿון, אַז דער שוואַכער איז שטענדיק גערעכט — און אויב אַ געוועזענער „בורזשוי“ גייט אַרום הונגעריק, דאַרף מען אין אים אויך אַריינשיסן אַ פּאָר זעמעלאַך מיט פּוטער, אַנשטאָט־עפּעס אַנדערש . . .

מילא ! קיין קהלת'עם דאַרף מען מער נישט. קיין געטהע'ס — אויך נישט . . . זייער פֿיין. שעקספּירס אויך נישט. מחמת מיר האָבן שוין גענוג. אַ חוץ דעם איז : „טווענטיעט סענטשורי“, „ניאַגאַראַ פֿאָלס“ — מוז מען שרייען אויף אַ באַס. און אפילו די ליבעם ערקלערונג צום „מאַן־דער־אַרבעט“ מוז געטאָן ווערן דורך אַ מעשענעם טרומייט. מילא ! ס'איז ווי נאָך איינעמס גוסט. איך מאַך מיינע ליבעס ערקלערונגען אין דער שטיל. ס'רוב : אַ ן ווערטער . . . (די קירצסטע און שאַרפסטע פאָרם פון ריידן איז שווייגן).

קונסט פאַר קונסט. — אין דר'ערד אַריין מיטן קאָפּ! איך האָב דאָס לאַנג פון די דעכער אַראָפּגעשריען. (איך האָב אפילו דער ערשטער איינגעפירט די פּלעבעאיש אידישע אויסלייגאַכץ פון די לשון־קודש'דיקע ווערטער). איך האָב אפילו געלייקנט די גרויסקייט פון דער קאַ־לשם־קאַ . . . ווי אַ טויט־פאַרחלומטער האָב איך שטענדיק גערעדט פון שלאָף, געזאָגט, אַז איך האָב קיין באַשטימטע מיינונג וועגן קיין זאַך. האָב גערעדט צו יענע, וואָס לעבן ווי איך אין „הינערפּלעט“, דאָ אויף דער דאָזיקער האַרטער וועלט, וואו עס פּאַסירן קיין וואונדער נישט. און וואו מען נוצט נישט דאָס טעלערל פון הימל צו שיקן משלח־מנות פון מענש צו מענש . . .

איך ציטיר מיך אַליין, ווי דער גרעסטער אויטאָריטעט איבער זיך אַליין :

1) דער העכסטער זעמדל אויפן באַרג, איז הויך בלויז דערפֿאַר, וואָס דער ווינט האָט עס פאַרבלאָזן אַהינצו, האָט אַמאָל געזאָגט מ נ. — אַ באַוויין הפנים, אַז ער גלויבט נישט אין כהנים און אין גדולים.

2) אין דער בעסטער קאָמוניסטישער וועלטאָרדנונג, וועלן אַלץ די בעסטע שוכמאַכער זיין שוסטערס. און די בעסטע וואָרט־צענויפזאַמלער וועלן זיין — שרייבער . . .

3) פאַרשטייט זיך, אַז ווען דער שוסטער זאָל אויף די זוילן פון די שיך וואָס ער מאַכט, אַרויפקלעפּן צעטלאַך קעגן קאָמוניזם, וואָלט איר אים געמעגט אָננעמען פאַר אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער. אָבער דער פאַקט, אַז דער שוסטער האָט ליב צו מאַכן שיך מיט „שפּיצלאַך“ און מיט פיינע נעז, איז נאָך (מיין איך) נישט קיין פאַרברעך קעגן דעם אַרבעטער קלאַס.

איך ענדיק מיט אַן עלעגישער באַמערקונג :

ווי איינגעשלאָפענע פייערן זיינען אונזערע חלומות — קיינער קען זיי נישט אויסבלאָזן.

# ביבליאגראפיע

משה נאדיר (יצחק רייז) געבוירן 1885 אין Narajow גאליציע. געקומען צוזאמען מיט זיינע עלטערן קיין אמעריקע אין 1898. אנגעהויבן שרייבן 1902 אין טעגלאכן „העראלד“. אין 1910 איז ער געווען מיט־רעדאקטאר פון א הומאריסטישן זשורנאל: „דער אידישער גזלן“. געדרוקט אין: „פ. א. ש.“, „די צוקונפט“, „נייע צייט“, „דאס אידישע וואכנבלאט“, „די וואך“, פון מענש צו מענש“, „ליטעראטור און לעבן“, רייזענס: „דאס נייע לאנד“, מארינאווס „הומאר און סאטירע“, „קונדס“, „אידישער קעמפער“ „היינט“, „פרייהייט“, „האמער“, „פעדער“, „טאג“, „קיבעצער“, אונזער בוך“. אין די ענגלישע זשורנאלן: „די סמארט סעט“, „די פעיגן“. „ניו פיקשאן פאבלישינג קא.“, „אמעריקען היברו“. ארויסגעגעבען א קליינעם בוך: „ווילדע רויזען“, זעקס בענד פון זיינע געקליבענע שריפטן. א באנד: „אונטערע דער זון“. א בוך פע־על־פע“ אויף ענגליש. א סך פון זיינע זאכן זיינען איבערזעצט געווארן אויף דייטש פון א. גראס־מאן. אויף פראנצויזיש — פון א. בלומענפעלד. אויף רוסיש — פון א. מאניעוויטש און פון דימאוו. אויף פויליש (2 בענד, וואס זיינען איצט אין דרוק) פון סאמועל ריפפ. ביבליאגראפיע: א ביכל וועגן אים „משה נאדיר“ פון איסאק האראוויץ. אין דער ביכער וועלט פון ד. ניימאן. ראובן ברײנין אין „וועג“. ש. ניגער אין „צוקונפט“, י. קיסין אין „פ. א. ש.“, ז. וויינפער אין „צייט“. אין „פרייהייט“: שכנא עפשטיין, מ. אלגין, מ. ל. האלפערן, הערמאן גאלד, ז. מאוד, יאסל קאטלער. אברהם רייזען אין „ניי אידיש, דער מענשענפרעסער אין „פרייע ארבייטער שטימע“, ב. ריווקין אין „צייט“. ב. שעפנער אין „אונזער פאלקס צייטונג“. טש. וואודס אין „ווארלד“. א. בלומענפעלד אין א פראנצ. זשורנאל. י. קלונג אין „פעיגען“, ז. רייזין אין „ווילנער טאג“. א. דימאוו אין „קונדס“. אסקאר קארטאזשינסקי אין „פ. א. ש.“. געשריבן דראמען פארן טעאטער: „סוקסעס“, „דער לעצטער איד“ (ביידע געשטעלט אין אידישן קונסט־טעאטער). „אונטערן לאסט פון צלם“, — צוזאמען מיט האלפערן — „מענטשלאך“, „די משוגעים“ „קלויסטערבערג“ און „די טראגעדיע פון גארנישט“. איבערזעצט פאר שווארצ׳ס טעאטער: הויפטמאנ׳ס „פארזונקענע גלאקע“, אניעל׳ס „די העירי איפ“. איבערזעצט אויף ענגליש: „שווער צו זיין א איד“. איבערזעצט כמעט אלע ווערק פון דזשעראם ק. דזשעראם, „די רויטע ליליע“ פון אנאטאל פראנס, „ווי איך זע עס“ פון פעטער אלטענבערג, באארבעט קיפלינג׳ס „דזשאסט־סא סטאריס“. דראמאטיזירט טאלסטאי׳ס „דער טויט פון איוואן איליטש“ און פארלוירן דעם מאנוסקריפט. זיינע פסעוודאנימען זיינען: יודקא ריש־זעט, די לענזי, מיר קאראש, י. סטריער, פילאטוס, אנא דאנא, דר. האציקעל, ר. נאלדא, דער רויזענקאוואַ־ליער, ס. פייערפויגל, מ. ד׳נארדי און משה נאדיר.